דאָוויד בערגעלסאָן

# געווען איז נאַכט
# און געוואָרן איז טאָג

(דערציילונג)

אָגיז

מעלוכע-פאַרלאג „דער עמעס", מאָסקווע 1943

ביסלעכווײַז האָבן זיי פאַרלוירן איינער דעם אַנדערן אינעם געדרייטן לאַבירינט פֿון די קאַווקאַזער בערג. יענע, וואָס זײַנען איינציקווײַז אָדער עטלעכע אינאיינעם אָפּגעגאַנגען אין אַ זײַט, האָבן זיך מער צום לעבן נישט אומגעקערט.

און אַרום און אַרום האָט געהאַלטן אין איין צעגיין, זיך שמעלצן און זיך אַראָפּגליטשן דער שניי פֿון די בערג. פֿון הויך, פֿון העכער און פֿון נאָך העכער זײַנען אומעטום אַראָפּגערונען הונדערטער און טויזנטער ריטשקעס און ריטשקעלעך, און וואַסערן האָבן, לײַטערנדיק זיך, גערוישט, געדערט און געשריגן. און שרײַענדיק, האָבן זיי זיך גע-לײַטערט, ווי צו אַ גרויסן יאָמטעוו. און שטאַרקער און לויטערער איז אַלץ געוואָרן זייער פֿריילעכער געשריי. און געדאַכט האָט זיך: דאָס לאַכן די בערג.

1

עטלעכע און דרײַסיק געזונטע און באַוואָפֿנטע דײַטשן זײַנען זיי געוועזן, ווען זיי האָבן זיך אָפּגעריסן פֿון זייער צעמאַזיקטער גיך-אָפּ-טרעטנדיקער דיוויזיע. פֿאַרבליבן איז פֿון זיי דאָ אין באַרג-שפּאַלט סאַ-כאַקל דער שאָפֿער הערבערט לימקע, דער רעדאַקטאָר פֿון אַ פּראָנט-צײַטונג האַנס מעסער, דער אָבער-יעפֿרייטאָר ווילי ברייטשייד און דער פֿיר-און-צוואַנציק-יאָריקער לעבעדיקער מאַשקן — גאָדאַשווילי, וועלכן זיי האָבן מיט זיך פֿאַרכאַפּט באַ די באַרג-ייִדן אינעם לעצטן אַאול, וווהין זיי האָבן צו פֿאַרנאַכט-צו זיך אַרײַנגעריסן. אין אײַלעניש האָבן זיי דאָרט אין איינער אַ כאַקליע געשלאָגן דעם באַלעבאָס, וואָס האָט זיך אָפּגע-זאָגט זיי אַרויסצופֿירן פֿון די בערג. זיי האָבן אים דערשאָסן און גע-נומען שלאָגן און פּאָדערן דאָס זעלבע פֿון זײַן ווײַב. דעמאָלט האָט אין שטוב שטיל און פּלוצעם זיך באַוויזן אָט דאָס יונגע באָכערל. אינעם העלן טשערקעסישן בעקעש איז זײַן שטאַלטנע טאַליע געווען אַזוי דין, אַז אַרומנעמענדיק זי קאָן אַ דערוואַקסענער, האָט זיך געדאַכט, בלויז מיט די פֿינגער פֿון זײַנע הענט.

— קומט, — האָט ער מיט ווונקען באַוויזן, — איך וועל אײַך אַרויספֿירן.

באַם אַרויסגיין מיט אים אין גאַס האָבן די דײַטשן דערזען, אַז ער הינקט קוים-קוים אונטער אַף אַ פֿוס. אין אָוונט-פֿינצטערניש האָט ער זיך אָנגעשטויסן אַף אַן אַלטיטשקער אין אַ שוואַרצער שאַל.

— מאַנאַנאַ! — האָט ער זי א רופ געגעבן און אָנגענומען איר האַנט אָפּ צו געזעגענען זיך.

און ווען די דײַטשן האָבן אָפּ אים אָנגעשריגן, האָט ער שוין געהאַט צו איר עפּעס א שעפּטשע געטאָן. דערנאָך האָט ער זיי געפירט א גאַנצע נאַכט. באַם געדרייטן ראַנד פון שמאָלע און ראַכוועסדיקע אָפּגרונטן, וואָס רוקן אָן א גרויל אָפּ די פיס, ווען מע פּרוּווט זיך אײַנקוקן, ווי טיף זיי זײַנען, האָט ער אַלץ געשפּאַנט פאַר זיי מיט פעסטע טריט, ווי ניט אָפּ אים גאָר וואָלט געווען אָנגעשטעלט זייער אווטאָמאַטישע ביקס.

באַ טאָג-ווערן אין א טיפן באַרג-שפּאַלט האָט ער זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט ניט באַלד דערקענט דאָס אָרט. דער גרינער אָפּשײַן איז אָפּ זײַנע מאַט-טונקעלע באַקן נאָך א ניט-געשלאָפענער נאַכט געווען עפּעס א מין אָרטיקער. דער שוואַרצלעכער מאָך אין ביידע זײַטן פון זײַן אונטערשטער ליפּ האָט דערמאָנט אָן דער פרישקייט פון די אַרומיקע מאָכיקע פעלדזן. צאַרט און שוואַכלעך אָפּן ערשטן בליק, ווי א „מעיוכעס באַ דער מאַמען”, האָט ער דאָך געמאַכט אַן אײַנדרוק, ווי אין זיך וואָלט ער זײַן אָנגעגאָסן מיט האַרטנעקיקייט און מיט גוורע. מיט זיכערקייט האָט ער זיך צוגעזעצט אָפּ א שטיין, און אַלץ, וועגן וואָס די דײַטשן האָבן צו אים געוווּנקען, האָט אָפּ קיין האָר ניט געענדערט דעם שטומען בליק אונטער זײַנע ביזע ברעמען. ניט אַרויסלאָזנדיק אים פון אויג, האָבן די דײַטשן זיך מעיאַשעוו געווען צווישן זיך. מיט פיל ווונקען האָבן זיי זיך קוים דערשלאָגן, ער זאָל פאַרשטיין, אַז מע באַפעלט אים:

— פיר ווײַטער!

אומדערוואַרט און שטרענג, שיר ניט ווי א קאָמאַנדע, האָט א קלונג געטאָן זײַן קאָל:

— סטאָפּ!

דענסטמאָל האָט מען אים נאָכאַמאָל באַזוכט. פון אונטערן בעקעשאונטערשלאַק האָט מען באַ אים אַרויסגעשלעפּט א העפטל פון א יונגן מאַסמיד — א סטודענט אָפּן דריטן קורס פון היסטאָרישן פאַקולטעט. פון דעם, וואָס דאָס העפטל האָט ער אַזוי טיף פאַרשטופּט, איז געווען צו דרינגען, אַז עס איז באַ אים טײַער. אָפּן ערשטן זײַטל איז דאָרט מיט לאַטײַנישן שריפט געווען פאַרשריבן:

Grot. History of Greece.

Niber. Romanische Geschichte.

אינעם זעלבן העפטל האָבן די דײַטשן געפונען א ציטאַטע אָפּ דײַטש:

„אין קאָרסיקע און אין סאַרדיניע האָבן די רוימער זיך באַשעפטיקט מיט יאַגד אָפּ מענטשן. זיי פלעגן כאַפּן די אָרטיק-געבוירענע מיט דער

הילפ פונ יאגד־הינט אונ די געכאפטע נאָכ עמ פארקויפנ אפ די קנעכט־מערק" (מאָמזענ).

הײסט עס: א קאפעלע קענ ער דײַטש, נאָר ער פארלײקנט. היטנדיק זײַנע באוועגונגענ, האָבנ די דרײַ דײַטשנ באנײַס גענומענ זיכ מעיאשעוו זײַנ, וואָס זאָלנ זײ מיט אימ טאָנ. נאָר ער האָט עס ווי ניט באמערקט. אונטערגעשפארט זײַנ נידעריק־געשוירענעמ קאָפ אפ בײדע עלנבויגנס, איז ער געלעגנ ניט ווײַט פונ די דרײַ דײַטשנ אויסגעצויגנ מיטנ בויכ אפנ גראָז. זײַנע צונויפגעוואקסענע קויל־שווארצע ברעמענ זײַנענ די גאנצע צײַט געווענ ברויגעזלעכ־אָנגעשטרענגט, שיר נישט בײז, אונ פונ אונטער זײ האָבנ זײַנע קרומ־צעשטעלטע אָוואלע אויגנ אָנ אופהער ארופגעקוקט פונ טיפנ בארג־שפאלט צו די הויכע פעלדז־שפיצנ, אקוראט, ווי ער וואָלט ווארטנ פונ דאָרט אפ עמעצנס א צײכנ. צי האָט ער פלוצעמ ניט דערפילט, אז דאָ, לעבנ אימ, שעפטשעט מענ זיכ וועגנ זײַנ גורל?

קײַענדיק זײער קלײנע דאָזעס פונ דער קנאפער שפײַז, וואָס יעדערער באזונדער האָט מיט זיכ געטראָגנ, האָבנ די דײַטשנ פונ מאָל צו מאָל געקוקט, וויאזוי ווירקט עס אפ אימ, וואָס האָט בא זיכ ניט קײנ שומ עסנ. צומ אלעמ ערשטנ איז פאר זײ נײטיק געווענ זיכ דערוויסנ, ווער איז ער: דעמ דערהארגעטנ בארג־יידנס א זונ, צי עפשער זײַנער א שאָכנ אונ אלײנ גאָר נישט קײנ ייד? פארשטעלט האָבנ זײ גערעדט צווישנ זיכ, וויאזוי דארפ מענ ווײַטער מיט אימ זיכ פירנ. אָט האָט ער פאמעלעכ זיכ אופגעזעצט. צווישנ א געוואלגער פונ גרינ־פארצוויטעטע שטײנער האָבנ הארט לעבנ אימ פרײלעכ געבולבעט אונ געײַלט, ווי צו א יאָמטעוו, די ריטשקעלעכ פליסנדיקער קרישטאָל פונ שוימענדיקע וואסערפאלנ אונ געפינקלט מיט טויזנטער דימענט־שפריצנ אקעגנ דער גרויסער שײַנ־פארפלײצונג פונ נײַעמ זוניקנ טאָג. רויק האָט ער אראָפגעלאָזט אינ וואסער זײַנ האנט, אונ בײז האָבנ זײַנע אויגנ נאָכגעקוקט נאָכ די טראָפנס, וואָס פאלנ פונ זײ צוריק אראָפ, — טראָפנס, וואָס אימ, דעמ אָרטיקנ, זײַנענ זײ אזוי טײַער, אונ זײ, די דײַטשנ, אזוי פרעמד.

מיטנ אָנגעשטעלטנ אווטאָמאט אינ די הענט איז סאָפ טאָג צו אימ צוגעגאנגענ אײנער פונ די דײַטשנ אונ מיט ווונקענ געהײסנ אופשטײנ אונ גײנ. ער האָט א טראכט געטאָנ אונ איז אופגעשטאנענ. געדאכט האָט זיכ, אז א שמײכל האָט געטאָנ ניט זײַנ פאָנעמ, נאָר בלויז דער גרינער אָפגלאנצ אפ זײַנע מאט־טונקעלע באקנ. פאָרויס האָבנ געשפאנט צווײ פונ די דײַטשנ אונ נאָכ זײ האָט דער דריטער דײַטש מיטנ אָנגעשטעלטנ אווטאָמאט געצווונגענ גײנ אימ, דעמ סטודענט. די גאנצע צווײטע נאכט האָבנ זײ זיכ באנײַס געדרײט בארג־אראָפ אונ בארג־ארופ באמ ראנד פונ טיפע אָפגרונטנ. נאָר בא טאָג־ווערנ זײַנענ זײ ווידער אָנגעקומענ צומ זעלבנ בארג־שפאלט וואָס נעכטנ.

דורך בייזע גומענ-ווערטער און נאָך מער בייזע ווונקען האָבן די דײַטשן געוואָלט באַם סטודענט וויסן:

— וויאַרום איז דאָס געשען?

מיט צוגעטריקנטע ליפּן, וואָס נאָך אָנדערהאַלבן מעסלעס ניט שלאָפן דערמאָנען זיי אין דער פאַרב פון צוגעטריקנטע מאַנדלען, איז ער שווײַגנ-דיק געשטאַנען קעגן זיי. צערײַסן אים אַפ שטיקער האָט געהייסן צע-רײַסן דאָ אַפן אָרט די לעצטע האָפענונג אַפ זייער רעטונג. מיטן העפטל אין די הענט האָט אַפ אים אָנגעטראָטן איינער פון די דײַטשן:

— קענסט דאָך דײַטש — אָ!.. פאַרוואָס ענטפערסטו ניט... רייד!

דער סטודענט איז געבליבן קאַלט. דער קרעפטיקער שטויס, מיט וועלכן ער האָט פּלוצעם דעם דײַטש פון זיך אָפּגעשטויסן, איז געווען אינגאַנצן אומדערוואַרט און האָט געקאָנט האָבן נאָר איין טײַטש: „דו ביסט מיר מיאוס אינגאַנצן מיט דײַן שפּראַך, און איך וויל אַפ איר ניט ריידן". מיט פאַרשיידענע ווונקען האָט ער די דײַטשן געגעבן צו וויסן, אַז ער איז אַ רויטאַרמייער:

— פאַרוואונדעטע אין פוס — אָ... זיך געשלאָגן מיט אַזוינע... איך שטעל פאָר איין צאַד און איר—אַ צווייטן. אָן מיר וועט איר פונדאַנען ניט אַרויס. און איך וועל אײַך פונדאַנען ניט אַרויסכפירן. איר זײַט דרײַ—איך בין איינער. די שפּיל איז אויס. איך לייג אײַך פאָר: אַן עק מאַכן דאָ, באַלד, אויב איר האָט מוט, נו?..

קימאַט מיט שפּאָט האָט ער צוגעקוקט, ווי שטאַרק באַ די דײַטשן איז דער דראַנג צו וואַרפן זיך אַפ אים און ווי אַלע מאָל מוז אַן אַנ-דערער פון זיי אָפּהאַלטן דערפון דעם צווייטן מאַמעש פאַר די הענט.

אים האָט מען גלײַך פאַרבאָטן זיך אָנטרינקען און געגומען היטן, אַז ער, דער דאָרשטיקער, זאָל זיך ניט צורירן צו דער שעפע פון פּײַכטקײַטן, וואָס קוועלן און מורמלען דאָ אַרום אים. דעמלט האָט ווידער ווי אַ שמייכל געטאָן דער גרינער אָפּשײַן אַפ זײַנע טונקעלע באַקן און אַפ אַ רעגע צעקרימט זײַן יונג געזיכט.

ערשט איצט האָבן די דײַטשן גוט אַרומגעקוקט דעם טיפן באַרג-שפּאַלט — ער האָט אויסגעזען פיל אומהיימלעכער און פיל געפערלעכער, ווי נעכטן.

ווי אַ לעבעדיקער מענטש וואָלט געהיט און ניט געקרן אַרײַנגעשטעלט אַ פוס אין אַ צוגעגרייטער טרונע, אַזוי געהיט און ניט געקרן האָבן די דײַטשן דאָ געמאַכט יעדן טראָט. דורך אַלע וואַסער-גערוישן האָט מען דאָ, ווי נעכטן, פון מאָל צו מאָל געהערט, ווי פאַרדומפּענע קנאַלן ערגעץ ווײַט כאַזערן זיך איבער צוויי מאָל און דרײַ מאָל, און ווי נעכטן, ניט געקאָנט וויסן, צי דאָס דערגייט אַהער דאָס ווײַטע דונערן פון אַ געוויטער אַפ יענער זײַט בערג אָדער דאָס שיסן ערגעץ האַרמאַטן.

דער מונטערער געפֿילדער פֿון די קעסיידער־פֿאַלנדיקע באַרג־וואַסערן האָט זיך אַלץ מער און מער אָפּגערופֿן אױף די דרײַ דײַטשנס צעטרײַבערטע נערוון. די שפּיל פֿון די פֿאַנטאַסטישע פֿרימאָרגן־שײַנען אױף די באַלויכטענע שפּיצן פֿון די נאָענטע און גאַנץ װײַטע אײַזבערג איז צו זײ דערגאַנגען, װי אַ סימכע אױף זײער בראָך. און אין דער מאַסיװקײט פֿון אַרומיקע פֿעלדזן האָבן זײ שױן געזען ניט מער, װי עפּעס אַזױנס, װאָס איז אומיסטן אָקאָרשט־אָ אױסגעװאַקסן, קעדײ זײ זאָלן באַנעמען זײער שװאַכקײט אַקעגן דעם־אָ עלנטן און אױסגעהונגערטן גרױזינישן אָדער ייִדישן באָכערל, צו װעמענס פֿײַניקונג זײ װעלן באַלד צוטרעטן.

2

װעגן דעם, צי איז שױן צײַט נעמען פּײַניקן דאָס באָכערל, זײַנען די דרײַ דײַטשן זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען אין די מײנונגען. זײ האָבן ביכלאַל מיט זײערע מײנונגען אָנגעהױבן אַלץ אָפֿטער זיך פֿאַנאַנדערגײן.

װי נאָר פֿון זײ איז אַראָפּ דער יאָך פֿון אונטערגעװאָרפֿן־זײַן אַ װעלכן־ניט־איז עלטסטן, אַזױ באַלד האָט יעדערער פֿון זײ אָנגעהױבן אַרױסצובאַװײַזן זײַנע באַזונדערע רעגילעסן און די באַזונדערע פּאָסטעמקעס פֿון עם שיכט, צו װעלכן ער האָט אין דער הײם געהערט. דער װוקסיקער שאָפֿער הערבערט לימקע איז פֿאַרװאַקסנערהײט געװאָרן נאָך פֿיל רױטער, װי ער איז געװען. אין זײַנע קלײנע אײגעלעך האָט זיך באַזעצט אַ כיטרע שמײכעלע פֿון אַ דײַטשישן פּױער, װאָס פֿירט אײנער אַלײן זײַן באַלעבאַטישקײט און האָט פֿײַנט, מע זאָל זיך אים אַרײַנמישן און אַרײַנקוקן אין טעפּל. מיט זײַנע געדאַנקען װעגן רעטונג אָדער אומקום האָט ער מיט קײנעם זיך ניט געטײלט. פּלוצעם האָבן די איבעריקע צװײ דײַטשן געקאָנט דערזען, װי ער פּרוּװט באַזאָרגן זײַן אױטאָמאַט מיט װאָס מער קױלן, דעמלט, װען קױלן איז בײַ אַלע דרײַ שױן װײניק געבליבן.

— דו, דו! — האָט אין אַזױנע פֿאַלן געהוקעט אױף אים דער אָבער־יעפֿרײטאָר װילי ברײטשײד.

און אין דעם הוק זײַנעם האָט פֿון מאָל צו מאָל אַלץ מער זיך געלאָזט פֿילן די ברײטקײט פֿון זײַן פֿאָטער, דעם באַלעבאָס פֿון אַ לײַפּ־ציקער פֿאַבריקל, װעלכער איז זיכער, אַז ער לאָזט אַרױס די בעסטע שטאָלענע קלינגלעך, כאָטש די קונים זײַנען דאָס נישט װערט.

װי זאָגנדיק צו זיך: „אײַלן האָסטו שױן ניט צו װאָס”, האָט שיר ניט, װי אַ זײַטיקער, זײ בײדן נאָכגעקוקט דער פֿלעגמאַטישער אַכט־און־דרײַסיק־יאָריקער האַנס מעסער, — אַ שװאַב מיט פֿעדעמדיק־דינע טונקעלע האָר און מיט זײער אַ ברײט און װײַבערש מאַכשײפֿע־פּאָנעם. אַנדערש, װי די יונגע פּרוסאַקעס לימקע און ברײטשײד, איז האַנס מעסער געװען

ניִשט נאָר מיט זײַנע אויסזען. א האלבער זשורנאליסט, א האלבער ליידיק־גייער און, אין טאָג, א טיפּישער פוילִיאַק, האָט ער פּרי און אַף שטענדיק זיך אָפּגעריסן פון זײַנע עלטערן—באַלעבאטים פון א קליינער סיגאַרעטן-קראָם אין בײַערן, וואָס האָבן אים געוואָלט מאכן פאר א „פּפאַרער"[1]. וועגן און וואָרום איז ער געוואָרן אַן אָפּגעלאָזענער פארזעסענער באָכער־דאָס האָט ער קנאַפּ געדענקט. אין די יאָרן פון „ווייַמארער רעפּובליק" פלעגט ער, דער ניט-געענדיקטער טעאָלאָג, אלע זײַנע טעג און אָוונטן פאַטערן אין צוויי—דרײַ בערלינער קאַפעען. טומלדיקע וויצלער און באַקענטע הייס-דיסקוסירנדיקע דעמאָקראַטישע זשורנאליסטן פון פארשיידענע לענדער און פעלקער פלעגן אים אַנטלײַען די פּאָר מארק אַף זײַן אָרעם קאַפּע-אויסקומעניש. געזעסן איז ער דאָרט צווישן זיי האלב-שלעפעריק מיט א שטענדיקן שוואכן שמייכל, ווי אַף צו זאָגן:

— אָנגעלייענט און באַהאַוונט בין איך ניט ווייניקער, ווי איר, נאָר צו וואָס זאָל איך זיך מיט אײַך שפּארן?

ער האָט זיך געפּוילט צו זידלען די צײַטונגען און זשורנאלן, וואָס דרוקן אים אַזוי זעלטן, פּונקט ווי ער האָט זיך געפּוילט ארויסצוזאָגן זײַן אומצופרידנקייט מיט דער ארומיקער אָרדענונג — אַן אומצופרידנקייט, אײַנגעזעטן נאָך אין זיין קינדהייט — אַן אומצופרידנקייט, אײַ-בערגענומענע בא זײַן פאָטער, דעם סיגארעטן-פארקויפער אין בײַערן. א האלב-פֿרימלענדיקער באָבאכטער איז ער געוועזן אין יענע יאָרן און שוין. אופגעוועקט האָט אים די פאשיסטישע איבערקערעניש. זײַן ווונטש, אַז ביסמארקס פּרינציפּ „מיט אײַזן און מיט בלוט" זאָל ווערן באַנײַט, פאַר-שטאַרקט און פארשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, איז ווערט געוועזן א מאַיאָנטעק — אים האָט מען נאָך דעם זייער אָפט געדרוקט אין צײַטונגען און אין זשורנאלן.

ווער האָט עס ערגעץ געשריבן: „דער פאשיזם פאָדערט בלויז, מע זאָל מאסקים זײַן מיט זײַן פּרינציפּ, ווײַטער גייסטו אים שוין אליין נאָך טראָט נאָך טראָט"?..

האנס מעסער קאָן זיך ניט דערמאָנען, — מעגלעך, אַז געשריבן האָט דאָס ערגעץ ער, האנס מעסער, אליין, פון זײַן אייגענער פּראַקטיק. ער איז נאָכגעגאַנגען: אויסראָטן פעלקער? — יאָ, אויסראָטן! טאָטאלע מיל-כאָמע? — יאָ, טאָטאלע מילכאָמע! קיין צײַט אַף ארומצוקוקן זיך איז ניט געווען.

נאָר אָט זײַנען זיי, דרײַ דײַטשן, געבליבן פארשפּארט דאָ צווישן די קאווקאַזער בערג. די מילכאָמע איז אוועק ניט, ווי מע האָט געמיינט. ער, האנס מעסער, איז איינער פון יענע, וואָס ווייסן עס. ער, לימקע

1 א דײַטשישער גאַלעך.

און ברייטשייד זײַנען געבליבנ אינ די הענט פונ אָט דעם רויִק-שווײַגנדיקנ קאווקאזער באָכערל.

דאָס באָכערל קאָנ מענ, פארשטייט זיך, איינס און צוויי אוועקהארגענענ. נאָר וואָס וועט זײַנ די פולע?

זיי האָבנ זיך אָפּגעריסנ פונעם גוירל, וואָס דערוואַרט זייער צעמאזיקטע אָפּטרעטנדיקע דיוויזיע און דאָס גאנצע דײַטשישע פאָלק, און יעדערער פונ זיי איז דאָ, הייסט עס, שוינ אונטערגעוואָרפנ בלויז זיך אליינ.

— ניקס צו מאכענ! — האָט אפ אלצ אוועקגעמאכט האנס מעסער און האָט דאָס אייגענע די גאנצע צײַט ווי אײַנגעטײַנעט מיט זיך אליינ.

איניינעמ מיט זײַנ שלעפעריקנ צושטאנד פונ פאר דער פאשיסטישער איבערקערעניש האָט זיך צו אימ אומגעקערט די פייִקײַט צו האָבנ אנ אייגענעמ געדאנק, און געליטנ האָט ער פונ אָט דער „ומנוצלעכער פראָדוקציע”, ווי פונ וויטעקנ, וואָס זאָלנ האָבנ צו אימ זיך אומגעקערט נאָכ דעמ, ווי ער האָט שוינ גאנצע יאָרנ געהאט אינ זיי פארגעסנ.

— צומ טײַפל! — האָט ער ארויסגעברומט, קרימענדיק די באקנמוסקולנ, ווי א מעפונעק, — צומ טײַפל!

צווישנ איינ שלאָפ און צווייטנ איז ער גאנצע שאָענ געזעסנ אפ זײַנ שטיינ און, ווי אינ קאפע אמאָל אינ די צײַטנ פונ „ווײמארער רעפובליק”, געהאלטנ אינ איינ ב ע אָ ב א כ ט ע נ. לויט זײַנ פאָרשטעלונג, איז דאָ אינ שמאָלנ געשלאָסענעמ בארג־שפאלט איבערגעכאזערט געוואָרנ אלצ, וואָס אפ דער ברייטער וועלט קומט איצט פאָר אינ זייער א גרויסנ מאסשטאב. ער און ברייטשייד און לימקע — די אײַנשטעלער פונ דער דײַטשישער מעמשאָלע דורכנ פרינציפ „מיט אײַזנ און מיט בלוט” — מוזנ דאָ מיט אלערליי מיטלענ אײַנברעכנ דאָס באָלשעוויסטישע קאווקאזער באָכערל און זיך ארויסראטעווענ פונדאנענ. ער, האנס מעסער, וויל לעבנ בלײַבנ און ער, האנס מעסער, איז אלצ — קיינ שומ אנדער אינהאלט איז אינערגעצ אונטערנ הימל נישטאָ. ברייטשייד און לימקע, זעט ער, ווילנ גלײַכ אָנהייבנ פײַניקנ דאָס באָכערל. ניט מער, ווי מעכאניזמענ, זײַנענ זיי געווענ און ניט מער וועלנ זיי שוינ אפ שטענדיק פארבלײַבנ. ווילי ברייטשייד באהערשט גלענצנדיק איינע א בעריעשאפט: פונ איינ קלאפ מיט א הארטנ פויסט, וואָס ער דערלאנגט גלײַכ אינ פאָנעמ, לאָזט זיך דאָס בלוט אייִנצײַטיק פונ דער נאָז, פונ מויל און פונ ביידע אויערנ און מע פאלט אוועק אפ א געוויסער צײַט אינ כאלאָשעס. ספעציאליזירט אפ דעמ האָט ער זיך, ווענ ער איז נאָכ געווענ צווישנ דער „היטלער־יוגנט”. אויסגעפרווט האָט ער דעמלט אָט די בעריעשאפט אפ די פענעמער פונ אייִנציקע יונגע ארבעטער, וועלכע ער פלעגט שפעט אינ אָוונט אומיסטנ

אָפּוואַרטן אַ לײַפּציקער שמאָלע הינטערגעסלעך. מיט דעם וויל ער איצט אָנהייבן. ער פּאַרקוועטשט שוין דעם פּויסט.

— אין קאָפּ—מוז אָנשרײַען אַף אים האַנס מעסער—האָסטו אַ מאָגן, ניט קיין געהירן!

אין אָט דעם קליינעם פּאַרשמעלערטן וועלטעלע דאָ אין באַרג-שפּאַלט קומט אויס אים, האַנס מעסערן, צו נעמען אַף זיך די גאַנצע פּונקציע פונעם „דענק-אַפּאַראַט". דאָנער-וועטער! ער, דער אכט-און-דרײַסיק-יאָריקער, האָט פאַר דער פּאַשיסטישער איבערקערעניש נאָך באַוויזן וועגן עפּעס זעלבשטענדיק אַ קלער צו טאָן.

— לאָזט אים זיך גוט אויסהונגערן און זיך גוט אויסלעכצן נאָך אַ טרונק — דערופּ שטייט אײַנגעשפּאַרט האַנס מעסער, — זאָל ער פון זיך אליין אַ ביסל וויכער ווערן.

ער גייט אײַן, מע זאָל באַלד צוטרעטן אויספרעגן דאָס באָכערל, נאָר דערווײַל — „טרוקן": ניט פאַרגעסן, אַז מע מוז אים פאַרהיטן אין אַזאַ צושטאַנד, ער זאָל נאָך קאָנען פּונדאַנען אַרויספירן. פּול, ווי אַן אויג, האָט ער אָנגעשעפּט זײַן קווערטל דאָ אין דער סאַמע קוועלנדיקער ריטשקע און איינעם מיט ברייטשיידן און לימקען זיך דערנעענטערט צום באָכערל. נאָר יענער איז אַלץ געזעסן שווײַגנדיק אַף זײַן שטיין און האָט זיך ניט געכאַפּט נעמען דאָס אויסגעשטרעקטע קווערטל וואַסער. צי הייסט עס ניט, אַז אים גייט אָן, וואָס וועט מען דערפאַר באַ אים פאָדערן? נו גוט, מיט פיל איבערגעכאַזערטע ווערטער און ווונקען האָט מען אים געגעבן צו וויסן, אַז ער דאַרף דערפאַר בלויז אויסזאָגן:

— וואָס האָט ער אין דאָרף באַם אַרויסגיין פון שטוב געזאָגט דער פרוי אין דער שוואַרצער שאַל?

פּאַרטאַרעראַמט און אומגעדולדיק האָבן געקוקט אַף אים אַלע דרײַ דײַטשן. פיל מאָל האָבן זיי איבערגעכאַזערט די פראַגע, נאָר ער האָט זיך אַלץ ניט געײַלט ענטפערן. אַף אַ רעגע איז פון זײַנע ברעמען אַראָפּגעפאַלן די מינע פון ברויגעזער אָנגעשטרענגטקייט. ער האָט אופגעהויבן אַף די דײַטשן זײַנע אָוואַלע אויגן — טונקל-גרויע, אומעטיקלעך-פאַרשמאַכטע און דאָך גלאַנצנדיקע. זײַנע שוואַרצאַפּל, פאַרצויגן אַ קאַפּעלע אַרופּ, זײַנען גרייט געווען אויסצובאַהאַלטן זייערע פּאַרטראַכטע פײַערלעך אונטער די אויגן-לעפּלעך. זײַנע פּאַרטריקנטע ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן באַ די מויל-ווינקלען און זיך דאָך ניט אופגעמאַכט. דערמאָנט האָט ער זיך, ווי די פרוי אין שוואַרצן שאַל האָט שטיל אַ וויין געטאָן, ווען זי האָט דערהערט זײַנע קורצע געזעגנס-ווערטער: „מאַנאַנאַ, געדענק... דאָ בלײַבט מײַן מאַמע". דערמאָנט האָט ער זיך אין דעם און... ניט צום איבערטראָגן ווי געטאָן האָט פון אומקערן זיך בלויז מיטן געדאַנק צו אָט די ווערטער וועגן דער מוטער,

— אהא... ער שווײַגט!

צו אים האָט זיך געריסן ווילי ברייטשייד:

— פאַרוואָס האָסטו צו דער פרוי גערעדט אַזוי שטיל?

דער סטודענט גאָדאשווילי האָט זיך פאַרטראַכט: „נו יאָ... ווען מע זאָגט אַרויס אין אזא פאַל דאָס וואָרט „מאמע", שרײַט מען ניט. נאָר צי קאָנען עס דען פילן אָט די־אָ!" וויפל מאָל איז אים ניט אויסגעקומען זיך צוזאמענשטויסן מיט „זיי" אפן פראָנט, ווי נאָענט ער האָט „זיי" דאָרט לעבן זיך ניט געזען, איז נאָך קיינמאָל אזוי שטארק ווי ביז איצט ניט דערגאנגען צו אים זייער ניוועקײַט. אין זײַנע אויגן, וואָס האָבן ארופגעקוקט צו די דײַטשן, האָבן זיך שטארקער אָנגעצונדן די פײַערלעך. ער האָט זיך אופגעשטעלט. האנס מעסער האָט ניט באוויזן א שעפּטשע טאָן: „ווילי, גרייט צו דײַן פויסט", ווי מיט דער קני פונעם הינקענדיקן פוס האָט דער סטודענט דערלאַנגט ברייטשיידן א זעץ אין בויך אריַין און אים אומגעוואלגערט.

— ווארט! — האָט א געשריי געטאָן האנס מעסער און האָט אויסגעצויגן ביידע הענט, אפּ ניט צוצולאָזן קיינעם צום סטודענט.

פריער א ביסל, ווען מיטן פולן קווערטל וואסער אין האנט איז ער געשטאנען אקעגן באָכערל און האָט אלץ טיפער זיך אײַנגעקוקט אין זײַנע אויגן, האָט ער אונטער אלע זייערע מידע שאָטנדלעך פּלוצעם דערזען עפּעס אזוינס, וואָס האָט אים געגעבן די האָפענונג: „דאָס באָכערל קאָן מען אײַנבייגן, ער זאָל ארויספירן פון די בערג". ער מוז נאָכאמאָל זיך גוט אײַנקוקן אין אָט די אויגן, קעדיי צו דערגיין, וואָס האָט ער אזוינס אין זיי געזען.

— ווארט, ווארט. — האָט ער אלץ געשעפּטשעט, ניט ארויפּלאָזנדיק די צעשפּרייטע הענט.

נאָר ברייטשייד — מאמעש אן אָנגעצויגענער מעכאניזם — האָט שוין באוויזן אופצושפּרינגען און האָט שוין צעוויגט זײַן פאַרקוועטשטן פויסט. פון אונטער מעסערס אקסל האָט ער אָפּגעלאָזט דעם קנאק, און מיט א בלוט־פאַרגאָסן פּאָנעם האָט דאָס באָכערל א פאל געטאָן אין כאלאָשעס. לאנג און בייז האָט נאָכדעם האנס מעסער געדלובעט ברייטשיידן:

— דומער בענגל! דומער בענגל! קײן זאך גיט מען ניט אזוינעם, ווען ער וויל עס, אפילע ניט — קלעפּ... האָסט עס באנומען?

און דעם גאנצן נישער טאָג האָט ער אלץ זיך געבראָכן דעם קאָפּ, וואָס אזוינס האָט ער דערזען אינעם באָכערלס אויגן, איידער ברייטשייד האָט אָפּגעלאָזט דעם קנאק, און וואָס אזוינס האָט אים דעמלט געגעבן די האָפענונג, אז דאָס באָכערל קאָן מען אײַנבייגן.

אופגעוואכט פון כאלאָשעס, האָט דער סטודענט גאָדאשווילי זיך ניט געײַלט עפענען די אויגן. שאָלעם וואָרן באַנײַס א קאָן מיטן געדאנק וועגן אומקערן זיך צו א לעבן, וואָס פארטראָגט גאָר, אז אזעלכע, ווי אָט די דײַטשן, זאָלן זײַן אפ דער וועלט, איז געווען פונקט אזוי שווער, ווי שאָלעם ווערן מיטן געדאנק וועגן אוועקגיין גאָר אינגאנצן פונעם לעבן.

און גראָד בא אים, דעם סטודענט גאָדאשווילי, איז דאָס לעבן געווען א קאפעלע מער אָנגעלייגט, ווי בא אנדערע. ער איז ביכלאל געווען א קאפע-לע מער היציק, א קאפעלע מער פייִיק, א קאפעלע מער פאראקשנט, מער שטאָלץ, ווי פיל אנדערע. דאָס דאָזיקע „קאפעלע מער" איז אים פון קינדווײַז אָן נאָכגעגאנגען פוסטריט — ס'האָט געשטאמט פון זײַן היים, פון די בערג.

פרעגט בא קינדער, ווער פון זיי האָט מער כיישעק צו א לעבעדיק לאָשעקל. איטלעכס קינד וואָלט זיך געײַלט א געשריי צו געבן „איך!" פונקט אזוי וואָלט דער סטודענט גאָדאשווילי ערגעץ טיף אין זיך געײַלט א געשריי צו טאָן „איך!" באם דערהערן די פראגע: „ווער האָט שטאר-קער, ווי אלע, ליב זײַן לאנד?"

ניט ווייניק יונגע באָכערימלעך זײַנען בא זיך אין דער היים גע-בונדן דעריקער מיטן פאָטער און יעדן פון זיי דאכט זיך, אז גראָד אים האָט אָפגעגליקט צו האָבן דעם בעסטן פון אלע טאטעס. דער סטודענט גאָדאשווילי האָט געקענט אזעלכע. נאָר דאָס האָט אים דאָך אין קיין פאל ניט צעשטערט זײַן געפיל, אז זײַן טאטע — דער געניטער גערטנער אין אאול, איז דער סאמע קלוגער, סאמע ערנסטער און סאמע ווילדער (און ניט נאָר צווישן די קאווקאזער בארג-ייִדן): נאָך אזא טאטע איז גאָר נישטאָ אפ דער וועלט!

געווען איז דער פאָטער זײַנער נאָך א ביסל פרום, ווי פיל אנדערע בארג-ייִדן, א שטרענגער און געצוימטער בא ארויסזאָגן די סאמע וואַ-רעמסטע טאטע-געפילן. די באָרד פלעגט ער ניט גאָלן, נאָר שערן — א שווארצע, הארטע און שטעכיקע באָרד. און דאָך איז אין דער קינדהײַט געווען א גרויס פארגעניגן צו רײַבן זיך אין איר מיט א בעקל. טוליעסט זיך צו איר מיט אזא געפיל, ווי דו זאָלסט זיך טוליען צו עפּעס בא-שטענדיקס און פעסטס, שיר ניט צו אלץ, צוליב וואָס אפ דער וועלט לעבן מענטשן. אים, דעם זון זײַנעם, דעם געקומענעם פון פראָנט, האָט ער געהייסן אוועקגיין פון דער סאקליע, ווי נאָר די דײַטשן זײַנען ארײַן אין אאול — מאמעש אים געטריבן: „גיכער! איך בין עס אפ דיר גריזער בעגזיירעס אָוו! אין דײַן פארווונדעטן פוס וועלן זיי דערקענען, אז דו ביסט געקומען פונעם פראָנט".

אין ערשטן טאָג, ווען די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, האָט ער אים, דעם זון זײַנעם, געשריבן:

„און עס איז געווען, ווען בא טישן, פול מיט גוטס, זײַנען געזעסן זין און טעכטער, און פון דרײַ זײַטן איז פּלוצלינג אָנגעפאלן דער סוינע. און פארטראכט האָט מען עס אין אוראלט בלויז אפ צו באמאָלן מיט דעם איִעווס צאָרעס, און פאסירט האָט עס איצט״.

און אָנגעקומען איז דעמלט זײַן בריוו דעם סטודענט גאָדאשווילי קיין מאָסקווע, אינעם אינסטיטוט, ווו ער האָט געלערנט. און געווען זײַנען דאָרט צווישן די סטודענטן ניט ווייניק אזוינע, ווי ער,—יעדערער איז טיפ זיכער, אז דאפקע זײַנע עטלעכע נאָענטע אינסטיטוט-כאווײרים זײַנען עס די בעסטע, די קליגסטע, די ווילסטע צווישן אלע סטודענטן. און דאָס האָט אים דאָך ניט געשטערט צו זײַן טיפ זיכער, אז די בעסטע, די ווילסטע אין גאנצן אינסטיטוט זײַנען דאפקע זײַנע דרײַ נאָענטע כאווײרים: דאָס איז דער לאנגער גוסיעוו, וואָס אז ער גייט מיט א געוויינלעכן שפאן, דעריאָגט אים קוים זײַן מיידל אפ איר וועלאָסיפּעד; דאָס איז דער ווערטלזאָגער קאָכטיא, וואָס האָט טויזנטער באווײַזן, אז קעדיי האנאָע צו האָבן פון איינעם א דיִאמאט-לעקטאָר אין אינסטיטוט, דארף מען פריִער, פונקט ווי ער, קאָסטיא, אָפּארבעטן עטלעכע יאָר אין דער ארקטיק; דאָס איז דעם קאָלכאָזניקס זון, דער אקראָבאט אקסענטיעוו, וואָס איז געקומען אין שטאָט זיך לערנען געשיכטע. אינאיינעם מיט זיי איז דער סטודענט גאָדאשווילי אין די ערשטע מילכאָמע-טעג אוועק אפן פראָנט. און עפּעס גוטס איז געווען אין זייער האלטן זיך אינאיינעם אויך דאָרט. און עפּעס שטארקנדיקס איז געווען אין זייער צונויפגעגאָסענער ליבע צום לאנד און סינע צום סוינע.

און נאָכגעצויגן האָבן זיי מיט דעם פיל אנדערע אין די סאמע שווערע שלאכטן.

און ווײַל צוויי פון זיי האָבן געהייסן ליאָווא, האָבן זיי דאָרט בא זייער קאָמאנדיר געהאט א צונעמעניש „די לייבן״.

און פארלוירן האָבן זיי דאָרט ביסלעכווײַז איינער דעם צווייטן אין די שלאכטן.

און געשטארקט האָט זיך אלץ די בענקשאפט אהיים, צום פריִערדיקן לעבן, און פארטריבן איז זי אלעמאָל געוואָרן דורך א נײַעם סינע-שטראָם צום סוינע.

פון פיל האָבן אויסגעניכטערט אָט די עלף כאדאָשים קעסיידערדיקע שלאכטן מיט די דײַטשן, שטעכיק און ליב, ווי דעם טאטנס באָרד, איז געוואָרן דאָס שלאָגן זיך פארן לאנד.

מיט אָרדענס אפ דער ברוסט און מיט נישט קיין אויסגעהיילטער וווּנד אפ איין פוס האָט מען אים אָפּגעלאָזט זיך זען מיט די עלטערן, און שווער איז דעמלט שוין געווען דער וועג אהיים, אין די בערג, ער האָט קוים באוויזן אהין צו קומען, ווי די דײַטשן האָבן זיך גענומען

רײַסן אַלץ טיפער קיין קאַווקאַז, און אומקערן זיך פון דער היים צוריק אפֿן פּראָנט איז שוין געווען אוממעגלעך, און געטראָפֿן האָט דאָס, וואָס האָט געטראָפֿן:

דרײַ פון די אָפּטרעטנדיקע דײַטשן האָבן מיט אומגעהייערן אימפּעט זיך אַרײַנגעריסן אין זײַן פּאַטערס סאַקליע. מיט אַ מעשונעדיקער ווילד־קײַט, גאָר ניט צו גלייבן, אַז זי קאָן געמאָלט זײַן, האָבן זיי מאַמעש אין געציילטע מינוטן צעטראָטן אין לעבן אַלץ, צו וואָס ער, דער סטו־דענט גאָדאַשווילי, איז נאָך פון קינדווײַז אָן געבליבן צוגעבונדן שיר נישט מיטן נאָפּל.

פונדעסטוועגן איז באַ זיי רעכט צו פֿאָדערן פון אים, ער זאָל זיי אַרויספירן פון אָט דעם באַרג־שפּאַלט, וווהין ער האָט זיי פֿאַרפירט אַפּ אומצוקומען מיט זיי אינאיינעם, און רעכט איז באַ זיי, אַז זיי וועלן זיך דערשלאָגן, ער זאָל עס טאָן. פון זייערע פֿאַרלאַנגען איפּעשט מיט פֿאַר־ברעכן, ווי פון אַ היִענע איפּעשט מיט געוויילע.

אפֿן פּראָנט איז אים אויסגעקומען אַרײַנצוקוקן אַזוינע־אָ פון נאָענט אין פּאָנעם. ווײַל ער קען אַ ביסל דײַטש, פֿלעגט מען אים אָפּט רופן אויספֿרעגן געפאַנגענע. און טאָמיד איז דאָס אים געווען ביז גאָר דער־ווידער, און אוועק פֿלעגט ער נאָכדעם אַלעמאָל טיף זיכער, אַז מיט „זיי" איז נישטאָ קיין אַנדער שפּראַך, כוץ געווער, וואָס נעמט אַ לעבן פֿאַר אַ לעבן. ט׳האָט ער צו אָט די דרײַ אין באַרג־שפּאַלט געזאָגט: „אַנ אָפּענער קאָן! איך בין אַ באַרג־מענטש — אָ! דרײַ אײַערע לעבנס פֿאַר מײַן לעבן". די סאַמע געמיינסטע באַשעפֿעניש מאַכט אין אַזאַ פֿאַל אַן עק, און די־אָ מיינען דאָך זיך ראַטעווען — ניט מיט קויעך, איז מיט נידעריקײַט. זייער געמיינהײַט איז אַ טעהאָם אָן אַ גרונט.

דער סטודענט האָט זיך דערמאָנט, אַז די דײַטשן האָבן דאָ אַ פּאָר מאָל זיך שוין געקריגט צווישן זיך, און אין אים האָט איבער עפּעס פּלוצעם אַ צאַפּל געטאָן די האָפֿענונג צו געפינען זיך ווידער אפֿן פּראָנט און ווידער אוועקנעמען באַ אַזוינע־אָ לעבנס און לעבנס — דאָ האָט ער אַ טראַכט געטאָן: „געשיקט זיך, דאָס זאָל נאָך זײַן מעג־לעך?"

דינע גאָלדענע שפּיזלעך האָבן אין טיפֿן באַרג־שפּאַלט שוין געהאַט געדרעליעוועט די אָוונט־בלאָוקײַט, ווען דער סטודענט גאָדאַשווילי האָט אופגעוואַכט פון די לעצטע שפּורן פֿאַרכאַלעשטקײַט. אונטער דער שײַן פון דער אופגעגאַנגענער לעוואָנע האָבן די שפּיזלעך זיך געגליטשט אי־בערן שטאָלענעם גלאַנץ פון נאָענטן פּליסיקן וואַסערל און מיט צעבראָ־כענע זיגזאַגן געזונקען דאָרט אין דער טיף.

צו זײַנע אויערן איז דאָ צום אַלעמערשט דערגאַנגען דער קעסיידער־רויִקער געמורמל פונעם קילן וואַסערל, און ער האָט אַ ווײַלע זיך

אײַנגעהערט און אָקאָרשט נאָכדעם זיך דערמאָנט אָנעם פּאַרטריקנטן בלוט בא זיך אפן פּאָנעם.

— שלום! — האָט צו אים דערגרייכט זייער א צערייצטער געשריי פון איינעם פון די דײַטשן.

אָפּגעוואַרט א רעגע און נאָך אלץ נישט באַנומענ, צי דאָס מיינט מען אים, האָט ער ערשט איצט ווי געהעריק דערפילט דעם ווייטעק אינעם צעשלאָגענעם פּאָנעם. צו אים האָט זיך געריסן ברייטשייד, וועמען אָפּגעהאלטן האָט מיט קראַפט האַנס מעסער.

— לאָז מיך צו אים צו! — האָט געבונטעוועט ברייטשייד, — ניט אײַנבייגן אָט דעם-אָ?! — שיר נישט א גאַנצע וועלט געשטעלט אפ די קני.

די ליידן באַם דערהערן אָט די ווערטער האָבן אפ א רעגע ווידער פאַרטעמפּט באַם סטודענט גאָדאַשווילי די ווייטעקן — דאָס האָט ער זיך דערמאָנט, אז איינער פון אָט דער „שיר נישט א גאַנצע וועלט" איז זײַן דערהאַרגעטער פאָטער, און אזוי שטאַרק האָט בא אים צום פּאָטער א נאָג געטאָן אין האַרץ. בוילעט ביז גאָר איז דעם פאָטערס געשטאַלט אופגעשוווּמען אינעם סטודענטס זיקאָרן, קימאַט באַשײַמפּערלעך האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, ווי האָט אויסגעזען זײַן פּאָנעם בייס די דײַטשן האָבן אים געשלאָגן, ער זאָל זיי אַרויספירן פון די בערג. ער האָט עס ניט געטאָן, זיי האָבן אים דערהאַרגעט, נאָר אפ די קני האָבן זיי אים פאַר-זיך נישט געשטעלט. „ס'א ליגן! — האָט געטראַכט דער סטודענט גאָדאַ-שווילי. — און אויך די גאַנצע וועלט... זיי האַרגענען זי, נאָר אפ די קני שטעלן זיי זי ניט. ס'א ליגן! ס'א ליגן!"

און דער לעצטער געדאַנק האָט באַרויִקט, ווי נאָך גאָר אמאָל דעם פאָטערס א גלעט איבערן קינדערשן קאָפּל. ניט געבנדיק זיך קיין מינדסטן ריר אפן אָרט, וווּ ער איז געלעגן, האָט ער גענומען זיך אײַנהערן, וועגן וואָס אַמפּערן זיך באַנײַס א קאָן די דײַטשן, און ווידער האָט אין אים אופגעלעבט עפּעס א האָפענונג.

4

ווילי ברייטשייד האָט אפ באַנאַכט געדאַרפט אוועקגיין אויסשפּירן, צי קאָן מען זיך פּאָרט נישט אַרויספּלאָנטערן פון די בערג אָן קיינעמס הילף. איינער אליין האָט ער זיך געזעצט פּראָוועןן זײַן סודע, זיך גע-קאַרגט דעם ביסן און אויסגעוואָרפן לימקען, אז ער האָט אומיסטן מיט-אמאָל אופגעפרעסן אלץ, וואָס ער האָט בא זיך געהאַט:

— קלערסט וואָס גיכער זיך נעמען צום עסנוואַרג אין מײַן רוק-זאַק, ווי?..

בייז האָט לימקע אָנגעקוקט ברייטשיידן און געטאָרקעט האַנסן:

— הער נאָר, הער נאָר!

פאר האנס מעסער האָט געהאט א זינען נישט ארויסצוווײַזן באלד וועמענס צאד ער נעמט אָן — זאָל פריִער קלאָר ווערן, ווי וועט ברייטשייד זיך פירן מיט אים, האנסן, אין וועמענס פּעקל ס'איז צו יענער צײַט שוין אויך אינגאַנצן אויסגעגאַנגען דאָס עסן.

— און אין וועג גאָר ניט קלערן וועגן יאגד, — האָט ער מאדריך געווען ברייטשיידן, — מיט א שאָס אין די בערג וועסטו ברענגען אַהער פון גאנצן ווײַט פּארטיזאנער אָדער רויטארמייער. אויב עס וועט זיך מאכן אָנפאלן אַף עמעצן, איז נאָר מיט קאלט געווער.

ער איז פאָרט, דער רוצח זאָל עס נעמען, געווען דאָ דער „דענק־אפּאראט".

נאָר אָט האָט ברייטשייד הארט פאר זײַן אוועקגיין אין די בערג פארבונדן זײַן רוקזאק אַף אלע בענדלעך און קניפּלעך און אים אָפּגעטראָגן אין א זײַט מיט צופיל אימפּעט — א בעפיירעש אָנצוהערעניש, אַז אָן אים זאָל קיינער דאָ צו זײַן עסנווארג זיך ניט צורירן. אויב אַזוי, וועט האנס מעסער זיך נישט כאַפּן אים דערציילן, אַז אין באָכערל גאָדאשווילים אויגן האָט ער באמערקט עפּעס אַזוינס, וואָס גיט האָפענונג, און אויב ער וועט זיך צו עפּעס דערטראכטן, וועט עס געהערן בלויז צו אים, האנסן, פּונקט ווי דאָס עסנווארג אין ברייטשיידס זאק געהער בלויז צו ברייטשיידן. צערייצט האָט ער נאָך ברייטשיידס אוועקגיין אײַנגעשטילט דעם וואָרטשענדיקן לימקען:

— האלט ס'מויל!

דעמלט האָבן ביידע דײַטשן, ווי גלײַך ס'איז גאָרנישט ניט געשען, גענומען לויט דער ריי היטן, אַז דאָס באָכערל זאָל ניט אנטלויפן און קיין טרונק נישט טאָן. און ביידע האָבן עס געטאָן ערנסט, מיט אלע דיסציפּלין־דינים, אקוראט ווי היטן וואָלטן זיי דאָ שיר נישט אלץ, וואָס האָט זיי פון איבער טויזנטער מײַלן געבראכט אַהער אין די בערג.

מיט א מינע פון א פארביטערטקײַט אַפן פּאָנעם איז האנס מעסער דאָ געזעסן אַף זײַן שטיין און פון צווישן פארקוועטשטע ליפּן אָפטמאָל ארויסגעברומט זײַן בייזן „צום טײַפל!". גערייצט האָט אים דאָ קעסיידער דער הונגער, וואָס ער לײַדט, די סאקאָנע, אין וועלכער ער געפינט זיך, און אפילו שוין די מעשוגעדיקע אָוונט־שײַן אין אָט דעם פארשאָלטענעם בארג־שפּאלט, פונוואנען מע קאָן ניט ארויס. א לעוואָנע, דער רוצח זאָל עס נעמען, שײַנט דאָ אַף די בערג אַזוי, ווי אַף דער וועלט וואָלט שוין געווען גאָר לאנג נאָך דער מילכאָמע און נאָך די דײַטשן און נאָך זייער וועלט־הערשאפט. דו זיצסט, קוקסט און טראכסט, און אלץ אָן שום נוצן.

„די אויגן דינען דעם עכטן ז.ריִער — געדענקט ער פון ערגעץ א בוך צי פון א לעקציע — נאָר אַף צו קוקן, פּונקט ווי די אויערן דינען

אים נאָר אפ צו הערן מיט זיי, דעמלט ווען בא מענטשן פון נידעריקע ראסן קריכן גלייך אריין אין די אויגן אלע זייערע געפילן און זיי שטייען פאר דיר נאקעטע מיט אלע זייערע אינטימסטע איבערלעבונגען, צום בײַשפיל, די אויגן בא ייִדן".

ס'איז אלץ קעגן דעם אויסדרוק אינעם באָכערלס אויגן. מיט וואָס אזוינס האָבן זיי אים, האנסן, געגעבן די האָפענונג, אז דאָס באָכערל וועט ארויספירן פונדאנען? אן ענלעכן אויסדרוק אין די אויגן, דערמאָנט זיך האנס מעסער, האָט געהאט איינער פון די אויסלענדישע זשורנאליסטן אין יענעם קאפע, ווו ער פלעגט אין די יאָרן פון דער „ווײמארער רעפּובליק" שלעפעריק פאטערן זײַנע טעג און זײַנע אָוונטן. יענער איז געווען א ייִד — א הומאָריסט, א קליינוואוקסיקער, א האָרבאטינקער, זייער א בארימטער און זייער א באשעפּטיקטער.

— איר געפינט זיך שוין, ווי איך, א גאנצן טאָג דאָ אין קאפע, — האָט צו אים איינמאָל שפּעט אינאָוונט געזאָגט האנס מעסער, — פון אינדערפרי אָן, זע איך, זיצט איר איינער אליין דאָ אין ווינקל אפן דיוואן. וואָס טוט איר דאָ?

— וואָס איך טו דאָ? — דער זשורנאליסט האָט א ווײַלע געקוקט אפ אים, — נעכטן, פארשטייט איר מיך, הער מעסער, האָט איר די פינף מארק אפ אײַער שניצל גענומען בא מיר, איז דאָס קוק איך, בא וועמען וועט איר זיי נעמען הײַנט. — דאָ האָט ער ארויסגענומען זײַן געלט-טאש און אים געעפנט פאר האנסן.

— וויפל דארפט איר, הער מעסער, איר זאָלט זײַן הײַנט א גאנצע נאכט גליקלעך? נעמט, איך בעט אײַך, און האָט אפ מיר קיין פאריבל ניט. בא מיר אין דער היים, ווייסט איר, איז געשען א גרויסער פאמיליען-אומגליק. כ'האָב געהאט איין-איינציק קינד... זייער א וווּיל מיידל געווען...— און אין זײַנע אויגן האָט זיך באוויזן עפּעס מער, ווי ווייטעק, און מער, ווי ליידן, און געווען איז עס עפּעס אזוינס, וואָס בא דײַטשן אין די אויגן באווײַזט זיך עס קיינמאָל ניט, געווען איז עס...

און פּלוצעם האָט האנס מעסער באנומען, וואָס אזוינס ער האָט דערזען אינעם באָכערלס אויגן.

אינעם באָכערל לעבט איינס א געפיל, וואָס קיין שום שפּורן דערפון איז נישטאָ ניט בא ברייטשיידלן מיט לימקען, ניט בא אים, האנסן, און ניט בא קיינעם פון די מיליאָנען דײַטשן, וואָס דאָס „דריטע רײַך" איז זיי ליב, — און דאָס דאָזיקע געפיל קוקט ארויס מיט פארטראכטע פײַערלעך פון זײַנע אויגן — דאָס איז מיטלײַד, און דאָס קאָן ראטעווען אים, האנסן. קיין אנדער רעטונג זעט זיך ניט ארויס. און די דאָזיקע רעטונג קער צו אים, האנסן, ווײַל ער האָט זי אינעם באָכערלס אויגן דערזען.

איבערגענומענ די וואַכ באַ לימקענ, וועלכער איז ניט אַנשלאָפּנ געוואָרנ, האָט ער דאָס מאָל זיכ ניט אוועקגעשטעלט לעבנ באָכערל מיטנ רעוואָלווער אינ האַנט — זאָל באַם באָכערל זיכ באַקומענ דער אײַנדרוק, אַז האַנס פירט זיכ מיט אימ ווייניקער שטרענג אונ ווייניקער גראָב, ווי די איבעריקע צוויי דײַטשנ. אוועק איז אַ שאָ אונ מער אונ ער איז נאָכ אַלצ, ווי פריִער, געזעסנ דאָ ניט ווײַט אַפּ זײַנ שטיינ אונ זיכ אַלצ אײַנגעזויגנ מיט די אויגנ אינעמ ליגנדיקנ באָכערל, ווי אינעמ אייִנציקנ מיטל צו בלײַבנ לעבנ. אַלע מאָל האָט ער באַנײַס דורכגעשפּאַנט פאַרבײַ דעמ סטודענט, קעדיי אימ אַרײַנצוקוקנ אינ די אויגנ: „פאַראַנ אינ זיי די פאַרטראַכטע פײַערלעכ, וואָס האָבנ אימ, האַנסנ, געגעבנ די האָפענונג אַפּ רעטונג? — יאָ, פאַראַנ!"

אַזוי האָט פּאַמעלעכקע זיכ געררוקט יענע נאַכט. די לעוואָנע האָט אַלצ באַלויכטנ דעמ באַרג-שפּאַלט אַזוי, ווי ביז הײַנט וואָלט קיינ וועלט ניט געווענ, אונ קיינ לעוואָנע וואָלט נאָכ קיינמאָל ניט געלויכטנ. בלאָוולעכ-געלע שײַנענ האָבנ, ווי רויכלעכ, זיכ געטראָגנ צו פאַרטונקלטע פעלדזנ פונ פאַרשיידענער הייכ אונ זיכ אָפּגעשלאָגנ פונ זיי, ווי פונ פילקאַנטיקנ קרישטאָל, אונ פונ דעמ האָט האַנס געשלעפערט אָנ אופהער אונ שטאַרק, ווי פונעמ שטאַרקסטנ שלאָפּ-געטראַנק. אַפּ איינ רעגע בלויז האָט ער זיכ מאַטיר געווענ צומאַכנ די אויגנ.

ווענ ער האָט די אויגנ נאָכדעמ צוריק געעפנט, האָט ער גיכ אַ זוכ געטאָנ דעמ שטיינ, פונ וועלכנ ער האָט אינ שלאָפּ זיכ אַראָפּגעגליטשט.

די בלאָוולעכ-געלע רויכלעכ האָבנ שוינ געהאַט זיכ אַראָפּגעלאָזט נידעריקער אונ באַ זייער שײַנ, ווי באַם שײַנ פונ פילקאַנטיקנ קרישטאָל, האָט ער דערזענ, אַז דאָס באָכערל פויזעט אָפּ פונעמ נאָענטנ מורמלענדיקנ וואַסערל, — ער באַמערקט אימ, האַנסנ, טוט זיכ אַ הייב אונטער אַפּ ביידע הענט. ער בלײַבט אַזוי פאַרגליווערט, נאָר פאַרפאַלנ—ער האָט זיכ אָנגעטרונקענ... ביידע זײַנענ זיי אַזוי אַ ווײַלע געבליבנ צוגעשמידט צומ אָרט—דער יונגער באַרג-מענטש אַפּ די אונטערגעהויבענע הענט אונ דער דײַטש מיטנ רעוואָלווער אינ האַנט.

— צוריק אַהינ... אַפּ דײַנ אָרט! — האָט דער דײַטש באַפוילנ מיט ווונקענ, ווי באַ אימ אינ דער היימ באַפוילט מענ הינט.

באַהאַלטנ דעמ רעוואָלווער, האָט ער צומ באָכערל זיכ דערנעענטערט זייער פּאַמעלעכ אונ געקוקט אַפּ אימ, אַ ווײַלע בלײַבנדיק אָנגעבויגנ מיט אַרונטערגעלייגטע הענט אונ מיט אַ פּאָנעמ, ווי באַ אויסזאָגנ אַ סאָד וועגנ אַנ אָפּגעטאָנענעמ שפּיצל.

— כ'האָב געזענ... האָסט זיכ אָנגעטרונקענ, — האָט ער מיטפילנדיק צוגעווונקענ, — כ'וועל מײַנע ניט אויסזאָגנ... זײַ רויִק.

אכ! אימ, האנכנ, האָט מענ דאָ פארשפאָרט עפּעס צעקייַענ. „אינ קאָרסיקע" — האָט דאָס באָכערל פארצייכנט אינ זייַנ העפטל — „פלעגנ די רוימער זיכ באשעפטיקנ מיט יאגד אפ מענטשנ". פארשריבנ האָט ער עס אוואדע פונ מיטגעפיל צו אָט די מענטשנ, וועלכע די רוימער פלעגנ כאפּנ אונ פארקויפנ אפ די קנעכט-מערק. עפּשער ווייסט ניט דאָס באָכערל, אז בא די אלטע רוימער איז מיטגעפיל דאָכ נאָכ געווענ א פאקטאָר אינ די באציִונגענ צווישנ מענטשנ. נאָר ער, האנס מעסער, ווייסט עס, א רוימער האָט געקאָנט זאָגנ צו זייַנ קנעכט: „דינ מיר גוט, וועל איכ דיכ נאָכדעמ פרייַ לאָזנ". אונ דאָס הייסט: האָב מיטלייַד צו מיר, וועל איכ האָבנ מיטלייַד צו דיר. דייַטשנ פונ „דריטנ רייַכ" קאָנענ אזוינס ניט טאָנ.

אונ ניט נאָר דייַטשנ פונ „דריטנ רייַכ". פונ זייַנע יִנגסטע שול-יאָרנ געדענקט זיכ האנס מעסער איינמאָל איניינעמ מיט זייַנ פאָטער אפ א ווימלדיקנ שטאָט-פּלאצ. אינעמ אויסגעשטרעקטנ היטל פונ א בלינדנ האָט דערזעט ער, דער קליינער האנס, אריַנגעוואָרפנ א פאָר גראָשנ אונ גלייַכ באקומענ דערפאר פונעמ פאָטער א הייסנ פאטש אונ א באפעל: „די רעגע ארויסנעמענ צוריק פונעמ בלינדנס היטל די אריַנגעוואָרפענע פאָר גראָשנ!" האנס מעסער האָט געגעבנ א לאנגנ גענעצ אונ זיכ דערמאָנט, וויַאזוי ער האָט דעמלט די פאָר גראָשנ פונעמ בלינדנס היטל צוריק ארויסגענומענ.

— יאָ, אזוי איז עס.

דערנאָכ האָט ער אופגעוועקט לימקענ, אימ איבערגעגעבנ די וואכ לעבנ באָכערל אונ זיכ געלייגט שלאָפנ מיט א שטארקנ פארלאנג כאָטש א פאָר שאָ אינ שלאָפ ניט זענ אָט די מעשונע-מאָדנע באלויכטונג דאָ אינ פארשאָלטענעמ בארג-שפּאלט אונ ניט פילנ דעמ קעסיידערדיקנ נאָגנ-דיקנ הונגער.

5

ווידער האָט לימקע געהיט דאָ אינ בארג-שפּאלט דעמ יונגנ געפאנ-גענעמ מיט אלע טאגנ פונ שטיינ באנאכט אפ דער וואכ.

אויסרעדנ א וואָרט איז אינ אזוינע פאלנ פארווערט, אונ דער רויטער לימקע איז ניט פונ יענע, וואָס וועלנ די ערשטע אויווער זייַנ אפ א פארבאָט. אנ אנדער זאכ איז טראכטנ: — „לאנג וועט שוינ ניט נעמענ, אונ אָט דער-אָ וועט דאָ ליגנ בלייַבנ אפ שטענדיק מיטנ בייליק אראָפּ".

צי טראכט וועגנ עפּעס אויכ דער יונגער בארג-מענטש, — דאָס איז לימקענ לעגאמרע ניט אָנגעגאנגענ. ווער עס איז באלעבאָס, יענער טראכט. אזוי איז לויט לימקעס באנעמ אייַנגעשטעלט די וועלט. אזא, שוינ א פאַ־טיקער, איז ער מיט א יאָר צענ צוריק אָנגעקומענ פונ דאָרפ אינ שטאָט ארייַנ פאר א שאָפער. געטראכט האָט דער רייַכער פאבריקאנט, דאָקטאָר גרעצינגער, געטראכט האָבנ דעמ פאבריקאנטס פרוי — דאָקטאָר

מיט אירע קינדער און געסט, וועלכע לימקע פלעגט אָפט פירנ פונ דער רײַכער ווילע אינ שטאָט ארײַנ, און ער, לימקע, האָט בלויז געהאלטנ די אויגנ אינ די הענט, אז די טײַערע מאשינ זאָל גײנ פונקט, ווי עס דארפ צו זײַנ. וועגנ וואָס האָבנ זיי געטראכט? — בעכיירעם! ניט לימקע האָט עס געוווּסט, ניט ער האָט געהאט א באדערפעניש דאָס צו וויסנ. דער באלעבאָס, דר. גרעצינגער, איז געווענ א ייִד. לימקענ האָט עס ניט געארט. פארקערט, טאקע עפשער, ווײַל ער איז געווענ א ייִד, איז ער מיט לימקענ זיכ באגאנגענ בעסער, ווי מיט זײערע שאָפערנ באגײענ זיכ עכטע דײַטשנ, — אים אָפגעגעבנ בא זיכ אינ דער ווילע זײער א גוט דירעלע, אים גוט געקלײדט, אים אָפט צוגעשאדט א פּאָר איבעריקע מארק. דער באלעבאָס — א קורצינקער, שוינ א גראָווער, נאָר א געפּאקטער און א זשוואווער—האָט ליב געהאט פונ מאָל צו מאָל זיכ צוזעצנ לעבנ לימקענ, אלײנ פירנ די מאשינ און פלאפלענ צומ שאָפער.

— פארנ טויט — האָט ער אײנמאָל געזאָגט צו לימקענ — וועל איכ מיר הײסנ דערלאנגענ א טיפע שיסל מיט קאוויאר און וועל עסנ גאנצע לעפל, גאנצע לעפל.

פונ דעמלט אָנ האָט לימקע שוינ בעערעכ געוווּסט, וועגנ וואָס טראכט דער באלעבאָס.

געווענ איז עס אינ דער צײַט, ווענ היטלער האָט פארכאפט די מאכט. לימקעס באקאנטע שאָפערנ האָבנ אונטערגעווונקענ אפנ ייִדישנ פאבריקאנט: „ער וועט אינגיכנ מוזנ זיכ אָפּטראָגנ". לימקע האָט ארויסגעוויזנ א גע-וויסנ אומרו: ווי זשע וועט זײַנ מיטנ גוטנ דירעלע? „אידיאָט! — האָט מענ אים אופגעקלערט. — פארוואָס מײנסטו, אז דאָס דירעלע, ווו דו וווינסט, וועט ניט בלײַבנ דײַנס?" דעמלט האָט לימקע מיט אלע כושימ באנומענ, אז ניט אומזיסט זאָגט מענ אפנ „פיורער" „שוינ אײנמאָל א פיורער!" ער איז גוואלדיק גרויס. ער איז באלעבאָס, — ער טראכט און הײסט, און לימקע פאָלגט און טוט. אויב גראָד אינ יענעמ טאָג, ווענ מע האָט געהײסנ שלאָגנ ייִדנ אינ גאס, האָט לימקע אָפּגעפירט אפ דער מאשינ צומ וואָקזאל דעמ ייִדישנ דר. גרעצינגער מיט זײַנ פרוי און קינדער און נאָכ דערבײַ אלײנ זײ געהאָלפנ טראָגנ די פּעק, איז דאָס געווענ נאָר דערפאר, וואָס לימקע וועט בא זײַנ גאנצער „געהאָרכזאמקײַט" זיכ ניט לאָזנ נארנ. דאָס הארצ האָט אים געזאָגט, אז פונעמ ייִדישנ דאָקטאָרס טרינק-געלט וועט ער האָבנ מער נוצנ, ווי פונ סטאם שלאָגנ ייִדנ.

אפ א מילכאָמע, האָט לימקע צו יעדער צײַט געהאלטנ, איז בעסער עס זאָלנ גײנ אנדערע. אנ אנדער זאכ איז אָבער, ווענ דער זיג ליגט אפרי-ער בא דיר אינ קעשענע און פונ גײנ אפ דער מילכאָמע קאָנסטו האָבנ לויטער נוצנ. לימקע איז ניט דער מענטש, וואָס וועט פונ נוצנ זיכ אָפּזאָגנ.

פונ בײַשטײנ אַלע יאָרנ אקעגנ אזויפיל געשריבענע אונ ניט געשריבענע „שטרענג פארבאָטנ” האָט זיכ לימקען זיכ אָנגעזאמלט זײער א שטארקער דראנג זיכ פאנאנדערצופּירנ די הענט. אכ, ווי אימ זײַנענ געווענ צום הארצנ אלע עקזעקוציעס דאָ אינ פרעמדנ לאנד, ווו ער, לימקע, מעג טאָנ אלצ. ווער עס האָט באמ ראנד פונ א גרוב מיט אנ ערנסט פּאָנעמ געשאָסנ פונעמ אווטאָמאט אינ גאנצע מאכנעס פּאָשעטע מענטשנ — דער רויטער לימקע האָט פיל פונ זײ ארײַנגעשטויסנ לעבעדיקערהײט אינ גרוב ארײַנ, ניט אראָפּלאָזנדיק אפ קײנ רגע דאָס שמײכעלע פונ די ליפּנ. דאָס האָט אימ „פארשאפנ שפּאס”.

— דו, טרעגער פונ דער עכט-דײַטשישער פילאָסאָפיע, — האָט צו אימ אונטערגעוווּנקענ האנס מעסער אונ אימ דערבײַ געקלאפּט אינ פּלײצע, — אזוי זאָגט ניטצשע: „זעסט א מענטש פאלט, איז שטופּ אימ אונטער”.

האנס מעסער האָט ביכלאל זיכ געמאכט א טעווע א ביסל אָפּצושפּעטנ פונ לימקען. בלעטלעכ, וואָס פאלנ פונ סאָוועטישע עראָפּלאנענ, האָבנ גענומענ וואָרענענ, אז פאר רעציכעס אונ אכזאָריעס וועט יעדנ ווערנ אָפּגעצאָלט.

— דו, לימקע, — האָט אײנמאָל האנס קלוימערשט געפּרוווּט לימקענ אָנשרעקנ, — בא יעדנ אינ די אויגנ, זאָלסטו וויסנ, איז פאראנ א נעגאטיוו, ווי אינ א קניפּסער[1] — אלצ ווערט דאָרט אָפּגעשפּיגלט. געניטע מערדער באמיִענ זיכ דעריבער, אז באמ אָביעקט, ווענ זײ הארגענענ אימ, זאָלנ די אויגנ זײַנ צוגעמאכט, אונ מע זאָל נאָכדעמ ניט קאָנענ ארויסקריגנ פונ דאָרט זײער פּאָטאָגראפיע. עס איז דיר ניט קײנ קלײניקײַט, דו רויטער לימעל, טאָמער זיגנ די רוסנ, קריגנ זײ ארויס דײַנ רויטע צורע אינ די אויגנ בא אלע מענטשנ, וואָס דו האָסט דאָ אוועקגעהארגעט.

— אכ, קוואטש! — האָט דערויף קאלט געענטפערט לימקע.

ער האָט, ערשטנס, ניט געגלײבט, אז ס'איז אזוי, ווי האנס מעסער זאָגט, צווײטנס, האָט זיכ דאָ געפּאָדערט צוניפּבינדנ דעמ נעכטיקנ טאָג מיטנ מאָרגעדיקנ, אונ דאָס האָט געהײסנ זיכ אָנשטויסנ אפ דער פראגע, צי איז ניט געווענ גערעכט יענער לימקע, וואָס האָט געהאלטנ, אז אפ מילכאָמע זאָלנ בעסער גײנ אנדערע. וואָס לענגער די מילכאָמע האָט זיכ פארצויגנ, אלצ ווײניקער האָט לימקע וועגנ אזוינע זאכנ געטראכט.

אונ אָט אויכ איצט, שטײענדיק באנאכט אפ דער וואכ דאָ אינ בארג שפּאלט, האָט ער ניט געטראכט צונויפּבינדנ דעמ נעכטנ מיטנ מאָרגנ. דעריקער איז אימ אָנגעגאנגענ, וואָס ער, לימקע, איז דאָ אינ פּעסל. וואָס א שאָ מאטערט אימ אלצ מער דער הונגער, אונ ברײטשײד איז א מיִעסער שווײַנ אונ איז ווערט, מע זאָל אימ ארײַנ-

1 א פּאָטאָ־אפּאראט.

זעצן א קויל... אויסבאהאלטן פאר זיך אליין דאָס עסן אין רוקזאק!..
און האנס מעסער, דער טײַוול ווייסט אים, מאכט זיך, אז אים אַרט עס ניט, און ער, לימקע... ווי לאַנג וועט ער דען בא אָט דעם הונ־גער זיך קאָנען האלטן אף די פיס?... ווער עס וועט עסן, יענער וועט זיך ראטעווען, און ווער ניט, יענער וועט דאָ ליגן בלײַבן א פייגער אין איין ריי מיט אָט דעם־אָ...

וואָס א שאָ וועט דאָ ער, לימקע, ווערן מער אָפּגעשוואכט און קרעפטן וועלן אים מער ניט קלעקן אפילע אף צו ראַנגלען זיך מיט אָט דעם שווײַגן ברייטשיידן — אָט אין וואָס דאָ גייט. האנס מעסער האָט ניט געלאָזט ארײַנפאָרן ברייטשיידן אין פיסק ארײַן נעכטן, ווען ער, לימקע, איז נאָך געווען בא אלע קרעפטן. אינדערפרי, ווען ברייטשייד וועט זיך אומקערן, וועט ער, לימקע, שוין זײַן נאָך מער אָפּגעשוואכט. דאָ דארף מען זיך אונטערײַלן. האנסן, ברייטשיידן און אים, לימקען, וועט דאָ סײַוויסײַ אויסקומען הארגענען זיך צווישן זיך פארן ביסן. אויב אזוי, איז טײַער יעדע רעגע. ברייטשייד איז איצט נישטאָ. נאָר דאָ ניט ווײַט אף א שטיין ליגט זײַן רוקזאק אָנגעשטאָפּט מיט עסן. אָט ליגט ער — אָ... ווי שווארצע לאטעס, פלעקן זיך אף אים אלע פאר־קנייטשטע ערטער, וווהין די שײַן פון דער לעוואָנע דרינגט ניט ארײַן. אונטער דער זעלבער לעוואָנע־שײַן זעען אויס אפן געפאנגענעמס פאָ־נעם, ווי מעש, יענע ערטער, וואָס זײַנען ניט באדעקט מיט צוגעזאָטן בלוט — ער שלאָפט. דאָס איז גוט; שלאָפן שלאָפט איצט לעבן זײַן שטיין אויך האנס מעסער.

צום אָרט, ווו עס ליגט ברייטשיידס רוקזאק, איז א פאָר צענדליק שפאן — ניט מער. לימקע מאכט זיי, אָט די פאָר צענדליק שפאן. אין זאק טאפט ער אָן גרויסע שטיקער צוקער און פליטקעס שאָקאָלאד — עפשער צען, עפשער מער. אָט האָט ער ארויסגעשלעפט פון דאָרט עטלעכע שטיקער צוקער און א פליטקעס פינף שאָקאָלאד און איז שטיין גע־בליבן מיטן טײַערן גוטס אין די הענט. דער זאק איז שוין צוריק פארבונדן. אין איין פליטקע בײַסט ער גלײַך זיך ארײַן, דערמלט ווען זײַנע אויגן זוכן אן אָרט: ווו צו באהאלטן דאָס רויב. דאָס בעסטע איז צו פארשטעקן דעם צוקער מיטן שאָקאָלאד ערגעץ נאָענט לעבן דעם געפאנגענעם. ווער וועט דען איינפאלן, אז דער־אָ זאָל בא זײַן לאגע גאָר פיזון טאָן אזוינס? בא אים וועט קיינער ניט זוכן. לימקע ווארפט אן אויג אף א שטיין הארט לעבן דעם שלאָפנדיקן געפאנגענעם און שפאנט אהין. ער איז שוין לעבן דעם שטיין. ער בייגט זיך אָן און פארוקט דאָרט דעם צוקער מיטן שאָקאָלאָד. פאמעלעך נעמט ער זיך אויסגלײַכן, נאָר דאָ דערזעט ער פלוצעם, אז נאָך אים שפירן נאָך די אָפענע אויגן פונעם געפאנגענעם, און נאָך ווי שפירן זיי אים נאָך! —

מיט דער רירעוודיקייט פון שטיקלעך קוועקזילבער זײַנען זיי גרייט צו באַגלייטן יעדע נײַע באַוועגונג זײַנע. צי האָט ער די אויגן געעפנט אָקאָרשט אין דעם-אָ אויגנבליק? צי האָט ער אים, לימקען, ניט נאָכ-געשפּירט די גאַנצע צײַט? זײַן גאַנצער קאָפּ אַף ברייטשיידן גיסט זיך איבער אין קאָס אַפן יונגן באָכערל. דאָס צווינגט אים זיך פאַרגעסן און אַ געשריי טאָן פון צווישן פאַרקוועטשטע ציין:

— וואָס האָסטו געזען?.. זאָג אויס!

נאָר דאָס ליגנדיקע באָכערל שווײַגט און מאַכט צוריק צו די אויגן. דאָס צווינגט לימקען שרײַען נאָך העכער:

— אופשטיין!.. אופשטיין, באַפעלט מען דיר!

פון זײַנע געשרייען האָט זיך אופגעכאַפּט האַנס מעסער.

— וואָס פאַלט דיר אײַן, דו דוויטער שעד! — האָט ער מיט זײַן געבריל געצווונגען לימקען זיך אומקוקן צו אים.

נאָך אַ רגע, און לימקע וואָלט דאָ געווען געהאַט אָפּגעשיקט אַף יענער-וועלט דאָס יונגע באָכערל איינעם מיט דער האָפענונג, אַז אים, האַנסן, וועט געלינגען זיך ראַטעווען פון דאַנען.

אָפּגעשיקט לימקען שלאָפן און איבערגענומען אַף זיך די וואַך ביז טאָג-ווערן, האָט ער אַרומגעשפּאַנט הין און צוריק, זיך די גאַנצע צײַט געזײַטלט אַפן באָכערל און סאָפּקאָלסאָף, האָבנדיק געכאַפּט אַף זיך דעם באָכערלס בליק, אַ ווונק געגעבן צו אים אַפן שלאָפנדיקן לימקען:

— ער וואָלט דיך געווען... קאַפּוט!.. יאָ, יאָ, כ׳האָב געזען: ער האָט שוין געהאַט אָנגעשטעלט אַף דיר דאָס-אָ...

אָנגעשטעלט אַפן באָכערל די אויטאָמאַטישע ביקס און געצילט אין אים אַ רגע, האָט ער די ביקס צוריק אַראָפּגעלאָזט און מיט אַ ווילד שטימעלע זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

6

ווי פאַרפײַניקט און פריטשמעליעט דער סטודענט גאַדאַשווילי האָט זיך ניט געפילט, ווי אומגלויבלעך-שרעקלעך די איבערלעבענישן אין די לעצטע מעסלעסן האָבן אים ניט אויסגעזען, איז דאָך פײַנלעכער ווי אַלץ געווען פאַר אים אָט דאָס צווינקען און צושמייכלען פונעם דײַטש.

ווי נאָר אים איז קלאָר געוואָרן, אַז דער דאָזיקער האַנס מיטן צע-קרימטן ווײַבערשן פּאָנעם און מיט די דינע מאַכשייפע-ליפּן איז דאָ דער טאָג-געבער, אַזוי באַלד איז זײַן האַס צו אים געוואָרן גרעסער, ווי צו די איבעריקע צוויי דײַטשן, אָט פונקט, ווי דער האַס צום קאָפּ פון אַ שלאַנג איז גרעסער, ווי צו איר גאַנצן איבעריקן קערפּער. אָט דער האַס האָט אַלץ ניט אופגעהערט אינעם סטודענט אָנצוואַקסן,

אונ דאפקע דאָס האָט קעסיידער געשטארקט אינ אים דעם ווילנ אונ די אקשאָנעס ניט אומצוקומענ. לעבנ בלײַבנ האָט איצט שוינ געהאט פאר אים נאָר איינ-איינציקנ זינ — איבערלעבנ אָט די דײַטשנ.

נאָכ טכילעס אָוונט, ווענ איינער פונ די אויסגעהונגערטע דײַטשנ האָט זיכ דאָ אליינ אוועקגעזעצט עסנ אונ די איבעריקע צוויי צו זײַנ זאק ניט צוגעלאָזט, האָט דער סטודענט, בא זײַנ גאנצער שווערער לאגע, געהאט דערפונ עפּעס א מינ אומבאשיידענע האנאָע.

באזיניקנ אָט די האנאָע האָט ער אָנגעהויבנ ערשט שפּעטער, ווענ פאר זײַנע אויגנ האָט דער רויטער דײַטש ארויסגעגאנוועט שאָקאָלאד אונ צוקער פונעמ פרעמדנ זאק אינ די גנייווע באהאלטנ דאָ דערבײַ אונטער א שטיינ. ווענ ניט דער דײַטש, וואָס מיטנ ווײַבערשנ פּאָנעמ, וואָלט דער רויטער בלויז פונ מוירע פאר אנ איידעס בא אָט דער גנייווע געוועני דערשאָסנ אים, דעמ סטודענט. נאָר פארוואָס האָט עס דער רויטער עפּעס אזוי מוירע?... פארוואָס האָט עס פאר אים, דעמ סטודענט, זיכ אײַנצושטעלנ דאָ יענער, וואָס מיטנ ווײַבערשנ פּאָנעמ?.. אונ ביכלאל: וואָס איז ער אויסנ מיט זײַנ צווינקענ אונ צושמייכלענ?..

וועגנ דעמ אלעמ האָט דער סטודענט זיכ געבראָכנ זײַנ קאָפּ אינ יענער נאכט, ווענ דער מוירעדיקער הונגער האָט אים אפ קיינ רעגע ניט געלאָזט אנשלאָפנ ווערנ. פארטאָג, ער האָט ענדלעכ אָנגעהויבנ ארײַנצופאלנ אינ אנ אומרויִקנ דרעמל, האָבנ אים גלײַכ אופגעוועקט אופגערעגטע קולעס. מיטאמאָל זיכ אופגעזעצט, האָט ער דערזענ, אז דאָס האָט מיט געבריל אונ מיט קלאָלעס זיכ אומגעקערט אינ בארג־שפּאלט יענער, וואָס האָט אים דערלאנגט דעמ קנאק.

— אומזיסט פארלוירנ א נאכט, — האָט ער געגראגערט, — אונ דאָס איז אלצ!

— אונ דער קאָמפּאס?

— וואָס קאָמפּאס?.. ווער קאָמפּאס?.. האָט ער מיט ביטערניש איבערגעקרימט האנס מעסערס קאָל. — געגאנגענ א גאנצע נאכט מיט איינ שטעג אינ איינ ריכטונג, אונ אָט — געקומענ צוריק אהער אינ בארג-שפּאלט. א פארשאָלטנ אָרט!

נאָר דעמ דײַטש מיטנ צעקרימטנ ווײַבערשנ פּאָנעמ האָט דאָ גאָר עפּעס ווי האנאָע געטאָנ די מײַסע. פונ הונגער איז ער שוינ געווענ אינגאנצנ אײַנגעבויגנ. זײַנ פּאָנעמ — שווארצ, ווי די ערד. זײַנע שווארצע דינע פּיס האָבנ קוימ געמאכט א פּאָר טריט צומ צוריקגעקומענעמ.

— אָ, באקע [1], — האָט ער אָפּגעשפּעט אונ זיכ פאנאנדערגעלאכט מיט א דינ אונ שוואכ געלעכטערל, — ווילי, זע איכ, האָט אָנגעהויבנ גלייבנ אינ קישעפ, כי-כי-כי-כי אונ כי-כי-כי...

1 אויסגעשריי.

— הער אופ כיכיקען, ווי א מויז, — האָט בייז אָנגעטראָטן אפ אים ווילי ברייטשייד.

נאָר דער שוואב האָט אלץ ניט אופגעהערט:

— כי-כי-כי און כי-כי-כי... נאָך שטארקער וואָלט איך געלאכט, ווילי, ווען איך זאָל נעכטן, ווי דו, געווען גוט אָפּעסן... כי-כי-כי.

דער רויטער האָט זיך אופגעהויבן פון זײַן שטיין און האָט אָנגעוויזן אפן סטודענט, — דער-אָ האָט פארפירט אהער. אָדער ער זאָל ארויספירן צו אונדזערע, אָדער מאכן מיט אים אן עק.

— אהא!.. — זיטלענדיק זײַן בליק אפן רויטן, האָט דער שוואב א קײַ געטאָן מיט די ליפן, — הער נאָר דו, לימקע!...

אָנגעבויגענערהייט איז ער מיט זײַנע דינע אָפּגעשוואכטע פיס צוגעקומען נעענטער צום רויטן און האָט באנײַס פארקרימט זײַן פּאָנעם:

— לימקע, שווײַגן!

ער האָט צוגעוווּנקען אפ ברייטשיידן, וואָס לאָזט זיך אוועק א קוק געבן צו זײַן זאק, און האסראָעדיק א פיר געגעבן מיט א פינגער מאמעש פארן רויטנס נאָז:

— דו, שעד, העלפ אים ניט אונטער, פון דעם, וואָס מע וועט דעם רוסע ליקווידירן פריער צי שפּעטער, וועט דיר דער מאָגן ניט ווערן זאט. פארשטאנען?

דער סטודענט האָט דאָס אלץ צוגעזען פון דער זײַט. אלץ אין אים איז געווען אָנגעשטרענגט אפ אָנצוכאפּן זיך אָן עפּעס א שוועל, וואָס לאָזט ניט אריבער פונעם לעבן צום טויט. נאָר קיין שום שוועל איז ניט געווען, אויסער אָט דעם שוואב, וואָס האלט זיך שוין קוים אפ די פיס און האָט נאָך אלץ, אפּאָנעם, א מיין אויסצונוצן פאר זיך אים, דעם סטודענט. נאָר אויב אזוי, קאָן ליגן אינעם מיין פון אָט דעם דײַטש עפּעס נאָך מער שרעקלעכס ווי דער טויט. דאפקע דער דאָזיקער געדאנק האָט געצווונגען דעם סטודענט אָנצושטרענגען ביז גאָר זײַן געהער, קעדיי צו כאפּן דעם זין פון די אומבאקאנטע ווערטער אין דער נײַער קריגערײַ צווישן די דײַטשן.

— ווער?! — האָט געגוואלדעוועט ווילי ברייטשייד. — איך פרעג: ווער האָט זיך דערוועגט?!

אָנגעוויזן מיטביידע הענט אפ זײַן צעעפנטן זאק, האָט ער זיך געלאָזט גלײַך צום סטודענט און זיך צעברילט:

— ענטפערן!

— אידיאָט! — האָט ער פון דער זײַט דערהערט האנס מעסערס קאָל און געשווינד זיך צו אים אויסגעדרייט.

— דו האָסט עס געזאָגט?

— איך.

דער שוואָב האָט אים באַטראַכט מיט גרויס ביטול.

— איך און לימקע זאָלן אים געווען דאָ אַרויסלאָזן פֿונעם אויג, — האָט ער געזאָגט, אָנווײַזנדיק אויפֿן סטודענט, — וואָלט אים געווען גע-טראָגן דער סייכל זיך צו באַנוצן מיט דעם אויף צו אַנטלויפֿן און ניט אויף צו גאַנווענען עסן פֿון דײַן זאַק.

— איז ווער דען, אויב ניט ער?

דער שוואָב האָט גרינג זיך אַ פּאַטש געטאָן מיט די אָפּגעשוואַכטע הענט איבער די ליטקעס און האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. פּאַמעלעך האָט ער אַרויסגעקריגן פֿון זײַן מויל אַ פּראָטעז — באַ אַ האַלב צענדליק אַרײַנגעשטעלטע ציין — און האָט אים אַ פּאָר מאָל אונטערגעוואָרפֿן אויף דער דלאָניע, ווי אויף מעשײַער צו זײַן, וויפֿל וועגט ער. פּאַמעלעך האָט ער אַראָפּגעקראַצט דעם צוגעזאָטענעם הונגער-שוים פֿון איין גאָלדן האַ-טשיקל, פֿונעם צווייטן, אַרײַנגעפּראַוועט דעם קליינעם פּראָטעז צוריק אין מויל און פּלוצעם באַוויזן זײַן ווײַסע באַלייגטע צונג:

— נאַ, קוק! — ער האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט מיט זײַן דינ גע-לעכטערל. — צי מעגלעך, דאָס איז דיר ווייניק, איז נאַ, טאַפּ... טאַפּ מײַן בויך.

מיט דעם האָט ער אייגנטלעך אויכגעגעבן לימקען. דער רויטער האָט עס ווי דורכגעלאָזט פֿאַרבײַ די אויערן און האָט פֿון דער זײַט צוגע-קוקט, ווי ברייטשיידס פֿינגער פֿאַרקוועטשן זיך אין אַ פֿויסט.

— אַ דײַטש געגאַנוועט באַ אַ דײַטש?! — האָט געגוואַלדעוועט ברייטשייד.

דער רויטער האָט ניט געהערט, ביז יענער וועט צו אים צוקומען. מיט אויגן, וואָס באַהאַלטן זיך אײַנגאַנצן אונטערן קורצן שטערן און מיט אַן אָנגעבויגענעם אָנגעגאָסענעם נאַקן, ווי באַ אַן אָקס פֿאַר בוצ-קען, האָט ער פּאַמעלעך זיך דערנעענטערט צום יונגן אָבער-יעפֿרייטאָר. זײַן רעכטע האַנט האָט אין הויזן-טאַש געהאַלטן עפּעס צוגעגרייט. זײַן פּנים, באַדעקט מיט פֿלעקן, האָט זיך געדאַכט, באַשטייט דורכויס פֿון געהעפּטע ערטער. קאַלט, ווי קאַלט ער האָט ניט איין מאָל אַרײַנגע-שטויסן מענטשן אין גרובנס און זיי פֿאַרשאָטן לעבעדיקערהייט, האָט ער פֿון זײַן זײַט פֿאַרגעבן אַ פֿראַגע:

— אַ דײַטש באַהאַלט אויס עסן פֿון דײַטשן? אַ דײַטש טויט דײַ-טשן מיט הונגער? — דאָס מעג ער?

וואָס שטאַרקער עס איז געוואָרן די קריגערײַ צווישן די דײַטשן, אַלץ דוּיקער האָט גענומען אָטעמען דער סטודענט. אויסגעניכטערט פֿון די לעצטע שפּורן פֿאַרטשמעליעטקײַט, האָט ער דערפֿילט, ווי דער הונגער נעמט אים מאַטערן גאָר אַנדערש, ווי ביז אַהער. קעדיי צו פֿאַרגעסן אָן דעם כאָטש אויף אַ קליינער ווײַלע, האָט ער אויף אַ רעגע פֿאַרמאַכט

די אויגן און זיך אויסגעמאָלט די היימישע סאקליע. ס׳איז א הייסער זומער־טאָג פון דער טיפער קינדהייט. דער פאָטער, וואָס פּאָרקעט אין גאָרטן, פאסט איינער אליין איינעם פון זיינע טאנייסים, וואָס טראָגן איבער ווייט אין יידישן אוראלט, און דאכטן דאכט זיך דאָך, אז אין דער היים כאסטן אלע. עס פאסט די גאנצע סאקליע מיט איר קיך און מיט ביידע ציכטיק-צוגעקליבענע כאדאָרים. וואָס הייסער עס איז אינדרויסן, אלץ קילער איז דאָרט צווישן די גראָבע ווענט אין זייער אלטן שווין א ביסל אָפּגעלופּעטן געיארשנטן קאווקאזער מעבל. די מוטער קלעפּט עפּעס פון טייג אפ וועטשערע, און לעבן איר זיצט די אלטע שכיינע מאנאנא. זי איז א טעפּיכ-וועבערן און קאָן אזוי שיין ארומריידן יע-דער געפארבט שטיקל רעדנע, וואָס אפן דיל, און יעדעס אלט קילימל, וואָס אפ די ווענט: „וואָס פאר א פיין געוועב דאָס איז!” „אין וועלכן טייל קאווקאז פלעגט מען אמאָל אזעלכע אויסארבעטן?”... פון דעם אלעם הייבט זיך אָן אויסצודאכטן, אז יעדעס שמאטעדיק טעפּיכל נעמט זיך איבער און אז אין דער היימישער סאקליע איז ווירקלעך אזוי גע-מיטלעך, ווי אין ערגעץ ניט.

7

א נאָענטער שאָס האָט אין סאָף פון יענעם טאָג געצוווּנגען דעם סטודענט מיטאמאָל פארגעסן, וואָס האָט ער פריער א רעגע געטראכט און געפילט. ניט ווייט פון אים איז, באגיסנדיק זיך מיט בלוט, געלעגן אפן גראָז דער רויטער לימקע.

— דו האָסט אים דערהארגעט! — האָט פארצאפּלט געברומקעט האנס מעסער, — דו האָסט אים דערהארגעט!

— יאוואָל! — האָט, באהאלטנדיק דעם רעוואָלווער, געברילט אפ אים ווילי ברייטשייד, — נאָך דעם געזעץ דעס מיליטער-רעגלאמענטס!

— ניין. ער האָט געמאָנט, זאָלסט זיך טיילן מיט עסן. יאָ, ווילי, ער האָט געמאָנט!

— איז ברוו אויך מאָנען... נו, פרוווו!..

זייער גראגערן האָט זיך פארצויגן ביז שפּעט אין אָוונט. מיט פיל גיכע גומען-ווערטער האָבן זיי אלע מאָל זיך געוואָרפן איינער אפן צווייטן און געדראָט מיט די פויסטן. ווייט ניט קלאָר איז געווען דעם סטודענט, אין וואָס צווישן זיי גייט. זייער קריגערייַ איז צו אים דערגאנגען בלויז, ווי עפּעס א מין אָפּגרעפּץ פון אלע זייערע האסגאָעס און טועכצן דאָ אין לאנד.

באלאָדן מיטן רוקזאק און מיטן אווטאָמאט, איז נאָך האלבער נאכט אוועק פונעם בארג-שפּאלט דער אָבער-יעפרייטאָר ווילי ברייטשייד — אוועק, ניט אומקוקנדיק זיך צום שוואב, וואָס וויל נאָך אלץ עפּעס פון

אים און ברומקעט אים עפּעס נאָך. אין באַרג-שפּאַלט איז נאָכן פאַרגייען פון דער לעוואָנע אַפּ לאַנג געוואָרן פינצטער און שטיל.

אָפּגעשוואַכט, קימאַט ביז ניט קאָנען מער אויסגלייַכן און איַינבייגן די פינגער, האָט דער סטודענט אַלץ ניט אויפגעהערט אייַנצוהערן זיך אין אָט דער שטילקייַט. דער שטערן מיט די ברעמען זיינען געווען באַ אים קוים־קוים אָנגעשטרענגט, ווי באַ אַ קראַנקן, ווען צו אים קערט זיך אום דער געדאַנק און קלעקט אים שוין נאָר אַפּ אַ טראַכט צו געבן וועגן זיך און וועגן זייַן קרענק.

פּלוצעם האָט ער מיט די לעצטע קויכעס גענומען פּויזען צום באָענטן שטיין. אָפּגערוט דאָרט אַ מינוט, האָט ער באַנייַס זיך אָנגעטאָן אַ קויעך. אַרויסגעשאַרט פון אונטערן שטיין דעם שאָקאָלאַד מיטן צוקער, וואָס דער רויטער לימקע האָט נעכטן אַהין פאַרוקט, איז ער צוגעפּאַלן מיט די ליפּן צו אַ שטיקל שאָקאָלאַד און האָט גיריק גענומען סמאָקען, סמאָקען.

אַפּ דינע, אָפּגעשוואַכטע פּיס האָט באַ שאַריען אַפּ טאָג זיך צוגעשאַרט צו אים האַנס מעסער און האָט אָנגעוויזן אַהין, וווהין ברייטשייד איז אַוועק:

— „נאַך דענן געזעץ דעס רעגלאַמענטס", כי-כי-כי!

צוגעזעצט זיך צום סטודענט גאַנץ היימישלעך, מאַמעש, ווי לעבן אַן אייגענעם מענטשן, האָט ער גענומען ריידן מיט אַזאַ טאָן, ווי אַלץ, וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן, וואָלט ער האָבן צוגעזען ניט מער, ווי אַ זייַטיקער:

— יאָ, יאָ... אָט ליגט ער, לימקע, אַפּן פאַרבלוטיקטן גראָז... מיט לימקען האָט מען אייַנגעקנעלט דעם פּיורערס לערע: „אַלע מענטשן באַגאַנוונען, באַרויבן און דערהאַרגענען, אַלע, נאָר ניט קיין דייַטשן, פאַרשטאַנען, לימקע?" אַ! לימקע, קאָן מען זאָגן, האָט עס פאַרשטאַנען גרינטלעך. אַן אַנדער זאַך איז, אויב לימקע פייגערט אַוועק פון הונגער, און אַ צווייטער דייַטש באַהאַלט פאַר זיך גוטע זאַכן צום עסן: כי-כי-כי און כי-כי-כי... לימקע ווערט דאַן אַליין אַ שטיקל טעאָרעטיקער און דערפירט דעם פּיורערס לערע ביזן לאָגישן סאָף — ווי?..

באַמערקט, אַז דער סטודענט קוקט זיך קיין איין מאָל צו אים ניט אום, איז ער אַ רעגע געזעסן פאַרכידעשט: וואָס איז עס? ער רעדט דאָך, דאַכט זיך, אַזוינס, וואָס דעם סטודענט דאַרף עס זייַן צום האַרצן!

— ברייטשייד,—האָט ער ווייַטער געזאָגט,—אַ פּרוסאַק, אַ פּרוסאַק... צוגענומען פאַרטאָג זייַן רוקזאַק מיטן עסן און — אַוועק מיט דער האָפענונג אַריבערקלעטערן איבער די בערג און זיך דאָרט דערקלייַבן צו די דייַטשן. זייַן גאַנצע קראַפט איז אין די פּיס, אין די פּיס... געווען פון די בעסטע דייַטשישע אַלפּיניסטן. אַ באַרג-שטייַגער, אַ באַרג-שטייַגער... און דיך, רוסע, האָט ער פאַרן אַוועקגיין געוואָלט דערשיסן... כי-כי-כי!

דער סטודענט האָט אַלץ ניט אופגעהויבן די אויגן. צווינקענדיק און צושמייכלענדיק, האָט אים דער דײַטש היימישלעך א טאָרקע געטאָן מיטן עלנבויגן:

— יאָ, יאָ... געוואָלט שיסן... מעגסט מיר גלייבן.

ערשט איצט האָט דער סטודענט דערפילט, אז מע וויל עפּעס פון אים, און אופגעהויבן דעם קאָפּ. ער האָט דערזען לעבן זיך צוערשט דעם דײַטשס צווינקענדיקע הענט און אָקאָרשט נאָכדעם זײַן ווײַבערש פּאָנעם, וואָס איז צעקרימט פון צושמייכלען.

—Отстань! — האָט אָנגעשריגן דער סטודענט.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע וואָרט, וואָס ער האָט דאָ פאר דער גאנצער צײַט אָן שום ווינקען אויסגערעדט. כּוּן גאָר נאָענט האָט דער דײַטש זיך באגעגנט מיטן סטודענטס בליק און אים האָט אָנגעכאפּט אַן אומגעהייערע שרעק:

אינעם סטודענטס אויגן זײַנען מער נישט געווען קיין שום שפּורן פון דעם, אפ וואָס האנס מעסער האָט די גאנצע צײַט געהאָפט, ווי אפ א קראפט, וואָס וועט אים ראטעווען פון אומקום דאָ אין בארג-שפּאלט.

אין פארלוירנקײַט האָט דער דײַטש א כיכיקע געטאָן אָן א בינדסטן שמייכל, ווי ער וואָלט נאָרוואָס אליין האָבן שטארק זיך קאליע געמאכט און ווייסט ניט מיט וואָס און וויל כאפּן צוריק:

— כי-כי-כי.

—Отстань! — האָט דער סטודענט איבערגעכאזערט העכער און מער צערייצט.

מיט האס זײַנען געווען איבערגעפולט דעם סטודענטס ברענענדיקע שווארצאפּל — מיט האס שטארקן און אָן א ברעג — אין זיי איז מער ניט געבליבן קיין אָרט פאר די פארטראכטע פֿײַערלעך און פאר דער אָפּשפּיגלונג פון יענעם נעשאָמע-אויסדרוק, וואָס רופט זיך — מיטגעפיל, מיטלײַד, ראכמאָנעס. אפן דײַטש האָבן, צו זײַן אומענדלעך גרויסער שרעק, געקוקט אויגן, וואָס מע קאָן מיט זיי בלויז זען, אויגן, וואָס אויסער פאראכטונג זאָגן זיי מער גאָרנישט אָן. — „דײַטשישע אויגן! — האָט מיט א ציטער א טראכט געטאָן האנס מעסער, — וואָס זשע וועט איצט מיט מיר זײַן?"

דער סטודענט האָט געזען, ווי דעם דײַטשס האנט, גרייט א כאפּ צו טאָן דעם רעוואָלווער, האָט בלויז עפּעס ווי אָפּגעטרייסלט פון די פינגער.

אָנגעבויגענערהייט, מיט דינע, ציטעריקע פיס, וואָס טראָגן שוין קוים זײַן אָפּגעשוואכטן אויסגעהונגערטן קערפּער, האָט האנס מעסער אָפּגע-שפּאנט פונעם סטודענט, זיך צוגעזעצט אפ זײַן שטיין און אראָפּ-געלאָזט די הענט צווישן די קני: „אויסשיסן אינעם רוסע?.. יאָ, דאָס קאָן מען נאָך. און וואָס ווײַטער?" א מענטש, ווייסט האנס מעסער, קאָן אי-

בערטראָגן הונגער א טעג צוואנציק, עפּשער מער. נו, און נאָכדעם? האנסן כאַפּט אָן אן אומגעהייערער גרויל, ווען ער שטעלט זיך פאָר, וויאַזוי ער וועט נאָכן אויסשיסן אינעם סטודענט בלייבן אין בארג-שפּאלט אַפ אומצוקומען דאָ. פּאמעלעך, פּאמעלעך וועט דאָ קומען צו אים דער טויט. מיט יעדן טאָג א ביסעלע מער, א ביסעלע מער... ווי לאנג דאָס אַלץ וועט זיך אויסווייַזן אים — איינעם לעבן די קערפּערס פון לימקען און פונעם רוס. אים כאַפּט אָן א גרויסער פּאַכעד באַם טראַכטן וועגן זייַן לאנגער, לאנגער עלנטער גסיסע. ער קאָן נאָך, פאַרשטייט מען, דערשיסן פריִער דעם סטודענט, דערנאָך זיך אליין — דעם לעצטן דייַטש דאָ צווישן די פרעמדע בערג... דעם לעצטן, צי ניט דעם לעצטן, וואָס גייט עס אים אָן? דער אומגליק איז, דער רועך זאָל עס נעמען, וואָס אָט דער רוס צווינגט אים, דעם געוועזענעם טעאָלאָג האנס מעסער, וויִ-דעראמאָל זיך באנוצן מיט דער מענטשן-פייִקייַט צו טראַכטן דאַפּקע פאַרן טויט. אָט מיט וואָס אָט דער רוסע צעצאָלט זיך — א פּאַקט! ער, האנס מעסער, מוז איצט זיצן דאָ אַפן שטיין און זיך אייַנטראַכטן. ניט אַלע דייַטשן, ווייסט ער, זייַנען געווען דורכויס זיכער, אז „באהערשן די וועלט" וועט זיך אייַנגעבן, און פונדעסטוועגן זייַנען זיי מיטגעגאנגען. אַפ וואָס זשע האָבן זיי געהאָפט אין פאַל, אויב די „שפּיל" וועט ניט געלינגען? ער, האנס מעסער, קען פיל אַזעלכע. ער איז איינער פון זיי. „די רוסן און אַלע אנדערע, האָט ער פאָרויסגערעכנט, זייַנען דאָך ניט קיין מערדער, אויסראָטן אַלע דייַטשן וועלן זיי ניט. ער מיינט נאָך איצט אויך אַזוי: די וועלט וועט ראַכמאָנעס האָבן. פיל דייַטשן וועלן בלייַבן לעבן. און ער, האנס מעסער, וויל אַזוי שטארק זייַן איינער פון זיי. ער מוז זיך דערצו דערשלאָגן מיט אַלע מיטלען. ער וועט גיין אַפ אַלץ, קאָלזמאַן ער האָט נאָך די מינדסטע האָפענונג. ער וועט צוּוואַרטן. מעגלעך, אינעם סטודענטס אויגן וועלן כאָטש אַפ איין רעגע זיך נאָכ-אַמאָל באווייַזן די פאַרטראַכטע פייַערלעך — די אָפּשפּיגלונג פון יענעם נעשאָמע-אויסדרוק, אַפ וועלכן ער, האנס מעסער, האָט דאָ אין בארג-שפּאלט פון אָנהייב אָן געלייגט האָפענונג... ער וועט צוּוואַרטן... ער וועט צוּוואַרטן...

האלטנדיק די רעכטע האנט אין אַזא לאגע, זי זאָל קאָנען וואָס שנעלער ארויסכאַפּן דעם רעוואָלווער, האָט האנס מעסער פונעם שטיין, ווו ער איז געזעסן, ניט אויפגעהערט צו היטן דעם סטודענט — היטן, ווי עפּעס אַזוינס, וואָס קער נאָך אַלץ אינגאנצן צו אים, דעם דייַטש. מיט אַלע קרעפטן האָט ער זיך באמיט אָפּצוטרייַבן פון זיך דאָס קעסיידער-דיקע געפיל פון וועלן ברעכן נאָך לאנגן הונגער און נאָך לאנגן ניט שלאָפן. אין די אויגן איז אים אַלץ פינצטערער געוואָרן — עמעצנס טריט האָט ער לעבן זיך דערהערט. ער האָט געטאָן אַלץ אַפ ניט אריינצו־

פֿאַלן אין צושטאַנד פֿון פֿאַרגעסן זיך., וואָס באַהערשט אים אַלץ מער און מער, און איז דאָך אין אָט דעם צושטאַנד אַרײַנגעפֿאַלן.

ווען דער דײַטש האָט אױפֿגעוואַכט, האָט די זון צווישן די בערג שוין געשײַנט זייער הויך און זייער שטאַרק. ברענענדיק־הייס, ווי נאָר-וואָס פֿון אונטער אַ צעגליט פּרעסל, איז אַפֿן דײַטש געווען דאָס אָנטאָן, און אַלייִן איז ער געווען זייער דערשטוינט פֿון דער גרויסער ענדערונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען, ווי אים האָט זיך געדאַכט, ניט בלויז דאָ אין באַרג-שפּאַלט, נאָר אומעטום אַף דער וועלט. לעבן אים איז אַף דער וואַך געשטאַנען דער סטודענט און האָט נאָכגעקוקט נאָך אַלע זײַנע באַוועגונגען פּונקט אַזוי שטרענג, ווי שטרענג ער, האַנס מעסער, ברייטשייד און לימקע האָבן פֿריִער דאָ נאָכגעקוקט אים, דעם סטודענט.

— אַהער גיב דעם רעוואָלווער! — האָט בייז געפֿאָדערט דער סטודענט, האַלטנדיק די הענט אויסגעשטרעקט צום דײַטשס האַלדז.

די קראַפֿט, מיט וועלכער דער אויסגעהונגערטער סטודענט האָט געצוווּנגען אָפּגעבן דאָס וואָפֿן, האָט דעם דײַטש געוווּנדערט און געשראָקן ניט ווייניקער, ווי דער האַס אין די שוואַרצאַפּל פֿון אָט דעם „רוסע”. איצט האָט ער די ברענענדיקע שוואַרצאַפּל געזען אַזוי נאָענט, ווי נאָך קיינמאָל ניט.

— שטיי אוף! — האָט באַפֿוילן דער סטודענט.

אַרײַנקוקנדיק אינעם אינווייניק פֿונעם אַוועקגענומענעם אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער און דערזען, אַז דאָרט פֿעלט כאַכאַקל איין קויל, איז דער סטודענט געבליבן שטיין פֿאַרטראַכט. אין זײַן זיקאָרן איז באַלד אויפֿגעשווומען די היימישע סאַקליע, ווי זי איז געווען, ווען ער האָט זי איינגענעם מיט די דײַטשן פֿאַרלאָזט: אַפֿן דיל איז דאָרט געלעגן דעם פֿאָטערס קערפּער מיט אַ ווונד אין שלייף און פֿון דער ווונד האָט אַ לאַנג און שמאָל פּאַסיקל בלוט זיך געצויגן ביז צום זוים פֿון איינעם פֿון די טעפּיכלעך און עס גענעצט און גענעצט, אָט דאָס טעפּיכל... ווי דאָס אַלץ וואָלט ער איצט נאָכאַמאָל דערזען דורכן לעכעלע פֿון דער אויספּעלנדיקער קויל — אַזאַ געפֿיל איז געווען באַם סטודענט.

„געשיקט זיך? — האָט געטראַכט דער סטודענט, — מיט דער קויל, וואָס פֿעלט אין רעוואָלווער, זאָל דער-אָ האָבן אים דערשאָסן?”

אינעם סטודענטס אויפֿגעהויבענע אויגן האָט דער דײַטש אין יענער רעגע ווידעראַמאָל דערזען די פֿאַרטראַכטע פֿײַערלעך.

— אָ! — האָט דער דײַטש אַ מאַך געגעבן קימאַט מיט פֿרייד. — כ'האָב אָבער געוווּסט...

— אויפֿשטיין! — האָט דער סטודענט באַפֿוילן מער שטרענג.

דער דײַטש האָט געוואָלט זיך אויפֿהייבן און ניט געקאָנט — די שרעק

און דער ייִעש האָבן אויסגעשעפּט אַלע קוויכעס, וואָס זײַנען אין אים נאָך געבליבן נאָך עטלעכע מעסלעס הונגערן.

— אופשטיין! — האָט ער באַנײַס דערהערט.

דער דײַטש האָט געפּאָלגט. זייער פּאַמעלעך און מאָדנע, ווי א געלײמטער. האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אַף די פינגער פון די הענט און פון די פיס, אַף די עלנבויגנס, אַף די קני, נאָר באַלד צוריק זיך אומגעוואַלגערט.

— איך קאָן ניט, — האָט ער געברומקעט, — אָט זע... איך קאָן ניט.

— קאָנסט ניט?

— דער סטודענט האָט געטראַכט א ווײַלע. זײַן בליק האָט דערבײַ אויסגעקוקט ארום און ארום דאָס אָרט.

— נו, איז קריך צו מיר אַף די פּלייצעס.

— איך האָב אָבער געוווּסט... איך האָב געהאָפט, — האָט זיך ווי געפעסטעט דער דײַטש, קריכנדיק צום אָנגעבויגענעם סטודענט אַפן רוקן, — האָסט מיטלײַד, האָב איך געוווּסט, האָסט מיטלײַד.

— יאָ, — האָט, שלעפּנדיק אַף זיך באַרג-אַרוף די שווערע מאַסע, אויסגעקרעכצט פון זיך דער סטודענט, — פון מיטלײַד צו אַלע, אַלע, וואָס דו האָסט אומגעבראַכט באַ אונדז. טראָג איך דיך אָט אהין צום שטעג. אַף דײַן שפּראַך זאָג איך עס דיר — זאָלסט פאַרשטיין.

אראָפּגעוואָרפן פון זיך די שווערע מאַסע גלײַך אינעם שניי, וואָס אין א קנייטש פון די בערג, האָט דער סטודענט אָפּגעווישט דעם שווייס פון זײַנע באַקן, פון זײַן שטערן.

— אין א פּאָר וואָכן ארום, — האט ער דערבײַ געזאָגט, — ווען דער שניי וועט צעגיין, וועט מען דאָ אָנהייבן אָפּט דורכצוגיין. דאָ וועסטו אוועקפייגערן, און דאָ וועט מען, פאַרבײַגייענדיק, פילן, ווי דו איפּעשסט. דאָס איז גוט. מע דאַרף, אז מענטשן זאָלן וואָס מער דײַן איפּעש פילן און וואָס מער וועגן אים געדענקען — ס'איז נוצלעך!

און נישט אומקוקנדיק זיך מער צום דײַטש, האָט דער סטודענט גאָדאשווילי אוועקגעשפּאַנט מיט דעם שטעג, וואָס דרייט זיך באַם ראַנד פון שמאָלע און ראַכוועסדיקע אָפּגרונטן און האָט ערגעץ-ווו אַן אויסגאַנג צו אים אין היימישן אאול. אַלע זײַנע געדאַנקען און געפילן האָבן זיך שוין געטראָגן בלויז ארום דעם כורבן אין דער היים לעבן דער מוטער, אַקוראַט, ווי קיין שום וווּנדער איז ניט, וואָס פונעם גרעאַנגל מיט די דײַטשן איז אַרויס גאַנץ ער, אַלס אַזעלכער, און ניט זיי, אַלס אַזעלכע, — אַנדערש האָט ניט געקאָנט זײַן.

---